STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
NO. 08708

# TOYRE UN LEBN



Joseph Meyer Margolies





NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

# תורה אין לעבען

די פרשה
פון וואך
אין ג׳כט
פון די פרשה
פון לעבען

## דרשות
### לכל פרשיות השבוע
## והמועדים

תרצ״ג

פון

## יוסף מאיר מרגליות

רב „לקהל עדת ישורון״ ברונקס.

ניו יארק

הוצאת
בית מסחר ספרים „פרדס״
י. ז. בוכבינדער פרעז.
23 קאנאל סטריט, ניו יארק.

# Torah and Life

*SERMONS ON ALL THE SABBATH AND HOLIDAY READINGS FROM THE BIBLE*



By

JOSEPH MEYER MARGOLIES

*Rabbi of the Congregation Khal Adath Yeshurun*
*Bronx,. N. Y.*



VOLUME ONE

PARDES PUBLISHING HOUSE INC.
U. Z. Bookbinder, Pres.
28 CANAL STREET
New York

א מתנה

מיין גוטען חבר

**הרב צבי הירש מנישביץ**

* * *

(פון די ב. מאַנישעוויטץ מצה בעקערי,
סינסינטי דזוירזי סיטי, שיקאגאָ.)

# התכן:

# שמות



# ויקרא

# פאָרוואָרט פון די אַרויסגעבער

* *
*

די נוציגקייט פון דער ספרות הדרוש אין דער איצ־טיגער צייט בכלל און אין דיעזער לאַנד בפרט איז אָהן צווייפעל פון גרוים באדייטונג און נויטיגט זיך ניט אין קיינע באזונדערע ערקלעהרונגען.

און ווי עס איז באַקאַנט צו די ברייטע קרייזען פון רבנים, דרשנים און מטיפים, זיינען מיר זייט די לעצטע צוועלף יאָהר, די איינציגע וואָס האָבען זיך פאַרמאָסטען מיט אונזערע בעסטע כחות און מעגליכקייטען אַרויסצוגעבען גאַנצע סעריעס פון אַלטע און נייע ספרי דרוש פון דאָס בעסטע, שעהנסטע און אינטערעסאַנטסטע פון דיעזען מין, ניט שפּאָרענדיג דערביי קיין מיה, קיין אָנשטרענגונג און קיין געלד.

די אויסגאַבע פון דיעזע צוויי בענדער "תורה און לעבען" איז איינע פון די מעהרערע ביישפּיעלע פון אונזער שטרעבונג אַרויסצוגעבען אַ דבר מתוקן און אַ דבר השוה לכל נפש אויף דיעזען געביט.

דער מחבר הרב הג' יוסף מאיר מרגליות נויטיגט זיך ניט אין קיין שבחים און קאָמפּלימענטען. ער איז גוט בע־קאַנט אין דער רבנ'ישער וועלט מיט זיין לומדות און מיט זיין געניאַלער רעדנער קראַפט און האָט זיך אין פאַרלויף פון די יאָהרען וואָס ער געפינט זיך דאָ אין לאַנד, שטאַרק פּאָפּולאַר

געמאַכט מיט זיינע אָרגינאַלע דרשות און אראטארישע פעהיג-קייטען. *)

"תורה און לעבען" ענטהאַלט ניט נאָר דרשות אויף גאַנץ תורה נאָר דיענט אויך אַלס טעקסט-בוך פאַר אַלע געלע-גענהייטען פון אידישען פאָלק בכלל און אין לעבען פון יעדער אידען בפרט.

מיר קענען מיט זיכערהייט און אָהן איבערטרייבונגען אונטערשטרייכען דאַס דער ספר "תורה און לעבען" איז אַ נויטווענדיגקייט אפילו פאַר פראָפעסיאָנעלע דרשנים און מטיפים ווייל אויסער זיין רייכער אינהאַלט וועלכער איז פון אַ קלאַסישען און אָרגינעלען כאַראַקטער איז אויך זיין שפראַך און סגנון פון דעם מין וואָס פאָרדינט אַ באַזונדער אָבשאַצונג. דער ספר איז אַזוי אָרום פון אַ טאָפעלען ווערטה פאַר אַלע קלאַסען רעדנער.

זיינען מיר דעריבער פול מיט האָפענונג אַז די וואָס וועלען זיך ערווערבען דעם "תורה און לעבען" וועלען זיך איברצייגען אין דער ריכטיגקייט פון דאָס פריהער געשריבענע — און מיר וועלען דאַמיט געווינען זייער צוטרוי אויף ווייטער והיה זה שכרנו.

מיט אַכטונג,

בית מסחר ספרים "פ ר ד ס"

י. ז. בוכבינדער, פרעז.

---

*) צום מחבר'ס ביאָגראַפיע: געבוירען אין ירושלים עה"ק ת"ו, געלערנט אין די דאָרטיגע ישיבות, אַ תלמיד פון ראש הרבנים הגאון א. י. הכהן קוק שליט"א. זיין ערשטע רבנות אין שוהל "פועלי צדק", קענאָן סטריט, (לונדון, ענגלאַנד), פאַר עטליכע יאָהר ראש הישיבה אין "ישיבה דמונטריול (קנדה), נאכהער רב אין "מחזיקי-תורה טהרת הקדש", נויאָרק, דאַן אין ביהכנ"ס "שבת אחים אנשי סלונים", נויאָרק, און איצט אין "קהל עדת ישורון", ברונקס, נ. י. ער איז אויך אַ ראש ישיבה אין "ישיבת רבנו ישראל סלנטר דברונקס", איז אַ חבר "לאגודת הרבנים האורתודוכסים דארצות הברית וקנדה" און אין "ועד הרבנים דברונקס".

# פאַרוואָרט.

איז עס שוין אַזאַ מנהג ביי די מעהרסטע מחברים צו זוכען אַ מין פאַרטיידיגונג פאַר זייער ווערק, למאי זיי האָבען עס געשאַפען, פאַר וואָס זיי דרוקען עס, וואָס איז דער צוועק, אוים וועלכען מאָטיוו. א. א. וו.

באַטראַכט איך עס פאַר אַזאַ כּראַנישע שוואַכקייט, וואָס געהט איבער עפּידעמיש פון איין מחבר צום צווייטען. מ'זוכט תירוצים אויף קשיא'לאָזיגע קשיות. נאָך מיין מיינונג איז כלל קיין קשיא ניט פאַר וואָס י אָ דרוקען, עס פּאַסט זיך גיכער פרעגען, פאַר וואָס נ י ט דרוקען ? ווייל, האָט איינער עפּעס צו זאָגען אַ וואָרט, וואָס איז נאָך זיין מיינונג, כדאי פאַר דער עפענטליכקייט, טאָ פאַר וואָס מאַקע זאָל עס בלייבען שימלען אין זיין אַרכיוו ?

איבערהויפּט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ ספר פון אַזאַ מין, וועלכער בעהאַנדעלט געוויסע צייט פראַגען און לעבענס פּראָבלעמען אין ליכט פון די פרשה פון וואָך. אין אַזאַ פאַל האָט דאָך עס אויך אַ פּראַקטיש-נוצליכען ווערט פאַר די יעניגע, וועלכע קומען אין באַריהרונג מיט זייערע מאַסען וואָך איין וואָך אוים פון זייערע שוהל בימות, און וויפיעל טעקסט ספרים פון דיעזען סאָרט עס זאָלען ניט זיין, איז עס קיינמאָהל ניט צופיעל.

גלויב איך דעריבער, אַז דאָמיט קען איך שוין האָבען כמעט יוצא געוועזן "ידי חובת הקדמה", ווייל רעדען וועגען די אָבשאַצונג און קוואַליטעט פון ספר גופא, הייסט דאָך עס, אַז דער מחבר אַליין זאָל פאַרשטעלען זיין ספר, און דאָ בין איך גראָדע מיט דער מיינונג פאַרקעהרט : ניט דער מחבר דאַרף פאַרשטעלען דעם ספר, נאָר דער ספר דאַרף פאַרשטעלען דעם מחבר . . . אין ערשטען פאַל איז עס אין דער

בחינה פון "עיסה שנתחומה מעיד עליה", אין צווייטען פאַל אָבער איז עס "נחתום שעיסתו מעידה עליו", און דער אונ-טערשיעד איז אַ גאַנץ היבשער, ווייל דאָרט, וואו דאָס געבעקס דאַרף זיין דער עדות, איז עס אַן עדות לויט'ן צווייטענס גע-שמאַק און ניט לויט'ן אייגענעם, און אַ פרעמדער עדות איז געווים כשר'ער ווי אַן אייגענער...

לאָז איך טאַקע דערפאַר איבער דעם גורל פון דיעזען ספר צו די לעזער גופא מיט דער האָפנונג, אַז זייער קריטי-שער איבערבליק וועט זיין אַן אומפּאַרטייאישער, און דאַן קימערט מיר שוין לחלוטין ניט וואָס די קריטיק זאָל ניט זיין, לשבח או לחסד, ווייל דאָרט, וואו ס'איז פאַראַן אומפּאַרטיי-אישקייט, דאָרט איז אויך פאַראַן אמת, און פאַר'ן אמת מוז מען זיך בויגען צו עס געפעהלט יאָ צו ניט...

ביים שלום, ווילט זיך מיר דערמאָהנען מיט ליעבע און רעספּעקט מיין חשוב'ען האַרציגען טאַטען, הרה"ח רבי יחיאל צבי מרגליות שליט"א, מנקיי הדעת שבירושלים, וואו ער לעבט שוין (עד מאה ועשרים שנה) איבער זעכציג יאָהר, און ווינשט און האָפט, אַז זיין בן יחיד זאָל בקרוב אויך זוכה זיין לשוב לציון משאת נפשו ונפש עם ישראל כולו, אויף וועלכעם עס בלייבט מיר נאָר איבער צו ענטפערען מיט גרוים כונה — אמן.

**המחבר.**

נויורק, בחדש שבט התרצ"ג.

# בראשית

## ארץ ישראל ותורת ישראל

**א"ר יצחק לא היה צריך להתחיל את התורה אלא מהחדש הזה לכם ומה טעם פתח בבראשית ? משום כח מעשיו הגיד לעמו — — —(רש"י)**

ר' יצחק פרעגט : די תורה וועלכע איז דער קאדאקס פון אונזער רעליגיעזען לעבען, האט דאך אייגענטליך געדארפט אנפאנגען מיט די מצוה פון "קדוש החדש" וועלכע איז כראנאלאגיש די ערשטע מצוה פון דער תורה און ניט מיט בריאת העולם וועלכעס איז ערשטענס ניט קיין מצוה זאך און צוויטענס ניט ספעציפיש אידיש. די וועלט איז דאך באשאפען פאר ניט אידען אויך ? ר' יצחק ערקלעהרט עס אבער דערמיט וואס דער וועלט באשאפער האט געוואלט באזייטיגען די קריטיק פון דער ניט אידישער וועלט מיט דורות שפעטער ווען אידען האבען אבגענומען ארץ ישראל פון די זיבען פעלקער און אום מען זאל די דאזיגע אקופאציע ניט באטראכטען פאר אן אקט פון רויב, פראקלאמירט דערפאר די געטליכקייט אין אנהויב פון דער אידישער תורה, אז די וועלט איז נישט קיינעמס נאר גאט'ם אליין ווייל ער האט איהר באשאפען און פאלגליך האט קיין מענשען קינד אויף איהר קיין מאנאפאל נים. ווען ער, גאט, האט געוואלט פאר א געוויסע צייט אבגעבען א געוויסען ערד טהייל צו די פעלקער פון כנען האט איהם קיינער קיין דעה ניט געקענט זאגען און מען קען איהם אויך קיין דעה ניט זאגען ווען נאכהער האט ער עס פון כנען אבגענומען און אוועקגעגעבען אידען.

דוכט זיך, אז ר׳ יצחק׳ס ערקלעהרונג איז גאנץ קלאָהר און דייטליך, און דאָך געפינען זיך נאָך ביז היינט צו טאָג געוויסע אידען וועלכע שטעלען זיך דאָמיט ניט צופרידען און בלייבען אלץ ביי די קשיא, אז די תורה האָט זיך ניט גע־דאַרפט אָנפאַנגען מיט בראשית. יאָ, טענה׳ן זיי, ס׳איז אמת, אז בריאת־העולם איז אַ קאָנטאָר־אַטאַקע צו די ניט באַרעכ־טיגטע אַטאַקעס פון דער ניט אידישער וועלט אין באַצוג צו ארץ ישראל, אָבער וואָס געהער זיך דאָס אָן מיט דער אידישער תורה? וואָס פאַר אַ שייכות האָט בכלל ארץ ישראל מיט דער תורה. די תורה איז ניט געגעבען געוואָרען בלויז פאַר א״י. די תורה איז אוניווערסאַל און ניט טעראָטאָריאַל; די תורה איז רעליגעז און ניט נאַציאָנאַל און ממילא איז תורה און א״י צוויי באַזונדערע זאַכען און דער זיווג דורך ר׳ יצחק׳ס ״שדכנות״ געפעהלט זיי כלל ניט. די תורה אַלס אַ טעקסט־בוך פון מצות האָט זיך געדאַרפט גלייך אָנפאַנגען מיט די ערשטע מצוה און ניט שאַפען אַ קאָמבינאַציע פון ארץ ישראל מיט תורת־ישראל?

פון דעם טאָן פון די דאָזיגע קריטיקער איז גלייך קענטיג, אַז זיי געהרן צו די ״קנאים״ פון רעכטען פליגעל, וועלכע אַלס העכסט פרומע רעליגעזע אידען, נוצען זיי געהעריג אויס זייער קנאות אין באַצוג צו דער תורה, אָבער פערהאַל־טען זיך גלייכגילטיג און סקעפטיש אין באַצוג צו ארץ ישראל. גלויבען טאַקע די אידען מיט אַן אמת, אַז מען קען זיין אַ גוטער אויפריכטיגער איד מיט די תורה אַליין אפילו אָהן ארץ ישראל.

פאַרגעסען אָבער די דאָזיגע אידען, אַז אויב עס איז טאַקע אַמאָהל געווען אַ תקופה אין אידישען לעבען ווען די תשוקה צו ארץ ישראל איז געווען באַזירט אויף דעם טהייל מצות וואָס מען קען אין גלות ניט מקיים זיין, די ״מצות התלויות בארץ״, געהער שוין אָבער יענע תקופה צו דער פאַר־גאַנגענהייט. אין אונזער היינטיגער תקופה דאַרף שוין די

תשוקה צו א״י ניט זיין באַזירט בלויז אויף אַ געוויסען טהייל פון די תורה מצות, די לעבענס באַדינגונגען אין גלות האָבען געשאַפען אַזאַ מצב אין באַצוג צו אידישקייט, אַז דער קיום פון אַלע מצות פון דער תורה, אָהנע אונטערשיעד פון דעם אָדער יענעם טהייל, קען ניט זיין געזיכערט אין גלות און מוזען קריגען זייער תקון אין אַ אידישער ארץ ישראל, דאָרט וואו מיר וועלען קענען לעבען זעלבסטשטענדיג און ניט זיין אונטערוואָרפען די פרעמדע השפעה.

אין ליכט פון די טרוקענע פאַקטען מוזען מיר צוגעבען, אַז דאָס ביסעל אידישקייט וואָס עקזיסטירט נאָך אין גלות איז שוין ניט מעהר קיין גאַנצע אידישקייט נאָר אַ צובראָכענע, אַ ״בעלת מום״, עס הינקט היבש אונטער דער אידישער שבת, ס׳איז פאַרדאָרבען דער מאָגען אין באַצוג צו כשרות, ס׳איז אַביסעל באַפלעקט די ריינליכקייט פון אידישען פאַמיליען לעבען א. א. וו. אונזער גלות ״ארון״ איז אַ קאָפּיע פון יענעם ביבלישען ארון וואָס האָט אונז באַגלייט אין דעם ״מדבר העמים״ אין וועלכען עס זיינען געלעגען די ״שברי לוחות״...

אונטער אַזעלכע אומשטענדען קען מען ניט צוטרעטען צו דער אידישער תורה גלייך מיט דער ״ערשטער מצוה״ איידער עס ווערט פריהער געשאַפען די ריכטיגע אַטמאָספערע וואָס זאָל געבען די מעגליכקייט צו קענען אָבהיטען און מקיים זיין די ערשטע אָדער די צווייטע און דריטע מצוה.

אונזער אָרגינאַלע תורה נויטיגט זיך אין אַ ״פירוש״. דער פירוש פון דער תורה איז — ארץ ישראל... און רש״י אַלס דער ערשטער און בעסטער מפרש האָט דעריבער אָנגעשלאָגען דעם ריכטיגען טאָן אין דעם ערשטען פסוק פון זיין וואונדערבאַרען און מייסטערהאַפטען פירוש צו אונזער תורה.

גילט אָבער דער דאָזיגער ענטפער פון ר׳ יצחק׳ן אויך צו די זאָגענאַנטע קריטיקער ״מסטרא דשמאלא״, אונזערע ״לינקע״ וועלכע פאַרשטעהען אַ מעגליכקייט פון אַ אידישע ארץ ישראל אָהן אַ אידישע תורה און אויך צו די האָט ר׳ יצחק געגעבען דעם ריכטיגען ענטפער.

בריאת העולם, צו דער זעלבער צייט וואָס זי דיענט פאַר אונז אַלס אַ דאָקומענטאַלער סערטיפיקאַט אויף די ירושה פון ארץ ישראל, דינט זי אויך אַלס פּראָגראַ־מאַטישער דאָקומענט אויף די אַרט און ווייזע ווי אַנצוגעהן מיט דער דאָזיגער ירושה. נישט נאָר איז די וועלט באַשאַפונג בכלל געשאַפען צוליעב אידען (בראשית — בשביל ישראל שנקראו ראשית) נאָר אויך דער פאָרם פון די דאָזיגע באַשאַפונג איז אַ פּראָגראַם־פאָרם פאַר אידען. ביידע, די בריאה אַליין און דער סדר הבריאה צייגען אָן די ארכיטעקטורע לויט וועלכע דער איד זאָל באַשאַפען זיין אייגענע וועלטעל.

״בראשית ברא אלקים, את השמים ואת הארץ״ פריהער שמים און נאָכהער ארץ ווי צו ווייזען, אַז דער עיקר איז דאָס הימלישעס און ניט דאָס אירדישעס, אַז ניט ״ככל הגוים בית ישראל״ וועלכע קענען מיט באָדען אַליין, מיט בלויז נאַציאָנאַליזמוס יוצא זיין דעם חוב פון דער בריאה, פאַר אונז איז ניט גענוג דער אויסגעשפּרייטער באָדען אונטער אונזערע פיס, מיר דאַרפען אויך אָן אויסגעשפּרייטען הימעל איבער אונזערע קעפּ... און ״שמים נבראו תחלה״, דער הימעל קומט פריהער...

אמת, בלויז די ״בית שמאי״ זאָגען עס, אַז ״שמים נבראו תחלה״ ווערענד די ״בית־הלל״ וועמעס רייד זיינען אימער איבערוועגענד האַלטען גראַדע, אַז ״הארץ נבראה תחלה״... אין דעם פאַל אָבער שפּיעלט ביי אונז די הויפּט ראָלע אַ דריטער תנא. ״ר׳ יוחנן בשם חכמים״ וועלכער מאַכט אַ מין קאָמפּראָמיס ווען ער זאָגט: ״לשכלול, הארץ קדמה —

לבריאה, השמים קדמו" (מדרש רבה א') באפעסטיגט איז פריהער געוואָרען די ערד, באַשאַפען איז אָבער פריהער דער הימעל.

יאָ, עס איז כאַראַקטעריסטיש אין די נאַטור אייגענשאַפטען פון די ביידע פּאַרטייען, די בית־שמאי און בית־הלל, די ערשטע וועלכע זיינען געווען מעהר קנאות'דיג און באַזעסען אַ הייסערען טעמפּעראַמענט, זיי האָבען פאַר קיין איין מאָמענט ניט געקענט דולדען דעם געדאַנק צו טראַכטען וועגען אַ ערד איידער מען טראַכט וועגען אַ הימעל... מעג די ערד, ארץ ישראל, זיין ווי חשוב, זאָל זי אָבער בלייבען אויף שפּעטער, פריהער פון אַלץ מוז קומען דאָס הימלישע, די תורה. די בית־הלל אָבער וועלכע זיינען געווען מילדער און ניט מיט אַזאַ שטורעמישען טעמפּעראַמענט, האָבען בעהאַנדעלט די זאַך געלאַסענער, פּראַקטישער. אין זייער מיינונג שפּיגעלט זיך אָפּ רש"י'ס ר' יצחק: "הארץ נבראה תחלה" — זאָגען זיי. מען קען ניט אָנפאַנגען מיט'ן הימעל איידער דער ערדישער באָדען איז פאָרברייטעט, מען קען ניט טראַכטען וועגען אַ פּראַקטישע דורכפיהרונג פון אַ קיום התורה והמצות איידער מען ברייטעט פאָר אָן ארץ־ישראל...

און ווי האַרמאָניש קלינגט אַזוי אַרום ר' יוחנן'ס הכרעה וועלכע איז אין ליכט פון די דאָזיגע ווערטער קיין ווידערשפּרעכונג צו בית־הלל'ס שיטה.

יאָ, קאָמענטירט דער גרויסער תנא: "לבריאה, השמים קדמו", אמת טאַקע, אַז דער ציעל און תכלית פון דער בריאה איז טאַקע דער הימעל, רעפּרעזענטירענדיג די אידישע תורה (בראשית --- בשביל התורה שנקראה ראשית), אָבער— "לשכלול, הארץ קדמה", ב אַ פ ע ס ט י ג ע ן מוז מען פריהער דעם באָדען, אַנדערש קען דער קיום התורה ניט געזיכערט

זיין סיידען ארץ ישראל ווערט פריהער באפעסטיגט אלס אידישע היימלאנד.

אבער אזוי צו אזוי, די "לינקע" דארפען אויך וויסען, אז אויב אפילו עס איז געזאגט געווארען: "השמים שמים לה' והארץ נתן לבני אדם", מיינט עס אבער ניט, אז די אירדיש־קייט זאל "באסטרייען" איבער דעם מענשען, ער זאל אין גאנ־צען איינגעשלונגען ווערען אין דעם ערדישען תהום. ניט "האדם נתן אל הארץ" זאגט דער פסוק, נאר פארקעהרט: "והארץ נתן לבני אדם", די ערד דארף ליגען אין מענשען'ס רשות און ניט דער מענש אין די ערד'ס רשות... "ומלאו את הארץ וכבשוה", איהר זאלט איינגעהמען די ערד און ניט די ערד זאל אייך איינגעהמען...

דאס איז דער מאראלישער רוף פון לעבען, און אב־וואהל, ווי געזאגט, איז דער דאזיגער רוף אן אלגעמיינער, צו דער גאנצער מענשהייט, ווייל די בריאת העולם איז ניט ספע־ציפיש פאר אידען דוקא, דארפען מיר אבער ניט נאכגעהן די גאנצע וועלט אין דיעזער הינזיכט, און ווען די אויערען פון דער אלגעמיינער מענשהייט זיינען טויב צו דעם דאזיגען רוף, דארפען מיר אבער ניט בלייבען טויב. מיר דארפען זיין דער ביישפיעל פאר די וועלט און ניט די וועלט דער ביישפיעל פאר אונז, ווייל —

"בראשית — בשביל ישראל שנקראו ראשית". מיר דארפען זיין דער ראשית, די ערשטע, דער סטעמפעל און מאדעל פאר דער מענשהייט.

איז דאך טאקע דער אידישער באגריף פון געטליכ־קייט אין ליכט פון דער אידישער פילאזאפי, אנדערש ווי דער באגריף פון אנדערע פעלקער. ביי אונז איז דער אבטהייל פון הימעל און ערד ניט קיין אבסאלוטער נאר א פראפארציאנעלער.

עס איז די אידישע אויפפאסונג וואָס מאַכט מעגליך, אַז אַ אירדישער משה זאָל קענען זיין אין הימעל און אַ הימלישער רפאל אָדער גבריאל זאָלען קענען זיין אויף די ערד...

ניטאָ, לויט דעם אידישען באַגריף, קיין הונדערט פּראָצענטיגע אירדישקייט, עס איז אויך אין די ערד פאַרמישט געוויסע פּראָצענטען הימעל. ביי אונז איז: "מלא כל הארץ כבודו", די "ארציות" איז אויך אָנגעפילט מיט געטליכען כבוד...

פאַראַן אַ בעקאַנטע אויסטייטשונג צום פסוק פון תהלים: "רם על כל גוים ה׳, על השמים כבודו" לויט וועלכעם דער אידישער משורר איז אויסען אָנצוצייגען אויף דעם דאָזיגען אונטערשיעד אין דעם באַגריף פון גאָטהייט צווישען אידען און ניט אידען. דער העברעאישער טערמין פון "רם" באַצייכענט אַ געגענשטאַנד וואָס ליגט אין דער הויך ווייט אויפגעהויבען פון די ערד. רם על כל גוים ה׳ — ביי די "גוים" איז די גאָטהייט באַצייכענט אונטער דעם טערמין פון "רם", די גאָטהייט איז, לויט זייער אויפפאסונג, אויפגעהויבען אין דער הימלישער הויך, ווייל — "על השמים כבודו", ביי זיי איז גאָט בלויז אין הימעל. ביי אונז אָבער איז: "מי כה׳ אלקינו המגביהי לשבת, המשפילי לראות בשמים ובארץ", לויט אונזער באַגריף איז די גאָטהייט ניט בלויז אין הימעל נאָר אויך אויף די ערד.

און דערפאַר "יתרו" נאָכדעם ווי ער האָט זיך מגייר געווען האָט ער אויסגערופען: "עתה ידעתי כי גדול ה׳," איצט — זאָגט ער — אַז איך האָב שוין די אידישע אנשוי-אונג איבער די גאָטהייט, וויים איך שוין, אַז גדול ה׳ דער טערמין "גדול" וואָס מיינט "גרויס" באַצייכענט שוין אַ געגענ-שטאַנד וואָס גרייכט פון אונטען ביז אַרויף און ניט ווי "רם" וואָס מיינט בלויז אין דער הויך...

## את השמים ואת הארץ!

אַט דאָס איז אונזער לעבענס מאַטאָ: הימעל און ערד צוזאַמען. "שמים וארץ נשקו", תורה מיט ארץ ישראל צו־זאַמען. ר׳ יצחק איז גערעכט. שווער צו צוטרעטען צו די "מצוה ראשונה" בעפאָר מיר באַזאָרגען זיך מיט אַ ריין אידישע ארץ ישראל, און בשעת מען בויעט אַ אידישע ארץ ישראל, דאַרף מען אין זינען האָבען אַז: "שמים נבראו תחלה", אַז אָן ארץ ישראל אָהן תורה מיינט אויך גאָר נישט.

את השמים ואת הארץ!



# נח

## תבת ישראל ומהרסיה

**איש צדיק תמים היה בדורותיו.
יש דורשין אותו לשבח ויש דורשין
לגנאי (רש"י).**

האנדעלט זיך עס, וועגען די אָבשאַצונג פון נח'ס צדקות. האָט ער מימינים ומשמאילים, די ערשטע וועלכע דערהויבען זיין מערכה, בענוצענדיג זיך מיט דעם "בדורותיו" צו מאַכען אַ קל־וחומר, אַז אויב אין זיין זינדיגען דור האָט ער געקענט באַווייזען צו בלייבען ביי זיין צדקות, אַ פשיטא שוין, אַז ווען ער וואָלט געלעבט אין אַ בע־סערע אַטמאָספערע, אין אַ דור פון צדיקים, וואָלט ער דאָך גאָר אַ גרויסע צדיק געווען. זיינען אָבער דאָ אַנדערע אויך, און יענע באַנוצען זיך דוקא מיט דעם זעלבען "בדורותיו" אויף צו רעדוצירען די מאָס פון נח'ס צדקות, אונטערשטריי־כענדיג, אַז נאָר בדורותיו, אין זיינע דורות האָט ער, נח, שוין געהייסען אַ צדיק, וואָלט ער אָבער געלעבט אין אברהם'ס צייטען, וואָלט ער געווען אַ נ ו ל.

האָט נאָך אָבער אַלץ נח צו פאַרדאַנקען דעם דאָ־זיגען וואָרט "בדורותיו" פון וועלכען מען קען ציהען פאַרטהיי־דיגונג אַקוראַט ווי באַשולדיגונג.

אומגליקליך אָבער איז דער מענש אָדער פאָלק וועמעס רשעות ציהט זיך דורך אַ לאַנגען שנור פון אַ סך דורות

און א סך תקופות און אין יעדערע פון זיי איז די דאזיגע רשעות אזוי שטארק בולט, אז עס געפינט זיך גאר ניט קיין פיצעל למוד זכות, נאר איז באפלעקט דורך און דורך אזוי, אז עס בלייבט ניט קיין פלאץ פאר קיין "יש דורשין לשבח", נאר נאגעלט זיי צו פאר דער עפענטליכקייט צום שאנד קלאץ און אלע ווערען פארוואנדעלט אין דעם "יש דורשין לגנאי".

שפיגעלט זיך טאקע אפ אין שיין פון דיעזער ביב־לישער פרשה, די פרשה פון לעבען פון אונזער געגענווארטיגער תקופה מיט אלע איהרע פארבען און קאלירען.

פאלגען מיר נאך טריט ביי טריט, באגעגענען מיר זיך מיט א קאפירטען מבול קאפיטעל אין געשטאלט פון דעם מאדערנעם מבול וואס האט געקראגען זיין אויסדרוק אין דער לעצטער גרויסער וועלט מלחמה, ווען די גאנצע וועלט איז פארוואנדעלט געווארען אין א זידיגען פייער קעסעל און האט גע'מבול'ט מיט דם ואש ותמרות עשן, און פראדוצירט קרבנות אפשר ניט ווינציגער ווי יענע צאהל פון נח'ס מבול...

"והיה בעננו ענן — ונראתה הקשת בענן".

האט זיך אבער אין יענעם פאר'חושך'טען הימעל וואס איז אויסגעשפרייט געווארען איבער די קעפ פון דער פאראונגליקליכטער מענשהייט אויך אנגעהויבען צו באווייזען צייכענס פון א "קשת", א העלפארביגער רעגענבויגען, וועלכער האט געווארפען זיינע זון קאלירטע שטראהלען לארבע פנות העולם און אין א סך פינסטערע אבגעשטויסענע ווינקלען האט עס אנגעהויבען ליכטיג ווערען. דא א ליטע, דארט א פוילען, א טשעכאסלאוואקיע, א אונגארן א. אז. וו. "עד שהאיר פני המזרח". די ליכט האט אויך דערגרייכט אונזער אידישע מזרח לאנד, וואו דער "קשת" האט זיך באוויזען אין געשטאלט פון א "באלפור דעקלעראציע", און פון מיליאנען אידישע מיילער

האָט זיך אַרויסגעריסען אַ התלהבות׳דיגע קשת-ברכה: ברוך זוכר הברית...

מיר האָבען אויפריכטיג געטראַכט: איצט איז שוין געקומען די גליקליכע שעה צום אידישען פאָלק אויפצובויען זיין נח׳ס תבה אין געשטאַלט פון זיין נאַציאָנאַלע היימלאַנד, וועלכע וועט איהם דינען אַלס שוץ-קאַסטען אין די שטורעם-דיגע מבול וואַסערען, די מים הזדונים וועלכע האָבען איהם יאָהר הונדערטע לאַנג פאַרפלייצט אין זיינע וויסטע גלות לענדער.

געוואוסט האָבען מיר אמת, אַז עס וועלען זיך יאָווען גענוג בלוטיגע שונאים, אַנטיסעמיטען מכל המינים, וועלכע וועלען זוכען צו שטירצען אונזער תבה, וועלען איהר וועלען צוברעכען און פאַרניכטען. האָבען מיר אָבער אויך בטחון גע-האַט, אַז אַקוראַט ווי יענע היסטאָרישע נח-תבה אויף וועלכע עס האָבען אויך געלויערט שונאים און מיט אַ רציחה-שוים אויף זייערע ליפען איהר געשטורמט און דאָך איז איהר קיין בייז ניט געשעהן. די השגחה האָט שוין געזאָרגט דאַפיר, האָט אַרומגערינגעלט די תבה מיט שטאַרקע לייבען, וועלכע האָבען איהר באַשיצט.

אַזוי, האָבען מיר זיך געטרייסט, וועט אויך אונזער נאַציאָנאַלע תבה באַשיצט ווערען דורך דעם שטאַרקען לייב, דער "בריטישער לייב", וועלכער וועט מיט זיין מעכטיגער האַנט פאַרטרייבען און פאַרשטויסען די פאַרשיעדענע מזיקים, די "מופטים", די אַראַבישע "עפענדים" און זייערע בלוטיגע באַנדעס.

מען האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז קומען וועט אַ צייט, אַז דער דאָזיגער לייב אַליין וועט ניט נאָר קיין באַשיצער ניט זיין, נאָר אַליין ווערען אַן אַנגרייפער...

און ווען די דאָזיגע צייט איז שוין געקומען, און גראָדע ניט לאַנג געוואַרט אויף איהר... אונזער תבה האָט זיך אַנ-

געהויבען שאָקלען, די באַלפור דעקלעראַציע האָט געקראָגען א ״טאַטש״ אויף א ״קאַנסער״, ווילדע געוואוקסען האָבען זיך אין איהר אַנגעטשעפּעט אין געשטאַלט פון אויסגעוואַקסענע נייע פירושים ״בימי סעמועל וטשווירטשעל״, און גלייך האָבען זיך שוין געפונען ביי אונז ״מקטני אמנה״, וועלכע האָבען אין ליכט פון די דאָזיגע געשעהענישען אַנגעהויבען צו פאַרדעכטיגען די אויפריכטיגקייט און אויסגעהאַלטענקייט פון די בריטישע פאַרשפּרעכונגען, האָבען מיר די דאָזיגע סקעפּטיקער פאַרשריען, ניט געלאָזט פאַלען קיין שטויבעלע אויף די פעל פון דעם מעכטיגען לייב. מיר האָבען גלייך געפונען פאַרטהיידיגונג אין דעם זעלבען — ״בדורותיו״.

ענגלאַנד — האָבען מיר געזאָגט — האָט אונז חלילה ניט פאַרראַטען. זי בלייבט טריי איהר צוזאָג. עס איז בלויז דער ״בדורותיו״ שולדיג דערין. עס איז גראַדע אַזאַ דור, אַזאַ אַדמיניסטראַציע פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, וועלכע איז ניט אַזוי סימפּאַטיש געניגט צו דער אידישער זאַך און דערפון די דאָזיגע אונאַנגענעמליכקייטען. אַזוי ווי דער ״בדורותיו״ איז דאָך אָבער ניט קיין אייביגקייט, ס׳איז דאָך ״דור הולך ודור בא״, אַן אַדמיניסטראַציע ארויף, אַן אַדמיניסטראַציע אַראָפּ, וועלען די קאָנסערוואַטיווען אַוועק און די ליבעראַלען וועלען קומען, און די מערכה וועט זיך ווידער אויפהויבען. און אַז מ׳קען דרש׳נען דעם ״בדורותיו״ לשבח, פאַר וואָס איהם דרש׳נען לגנאי ?... אין באַלדווינ׳ס דור איז דער וואָלקען דיקער פאַרשטעלט ער דעם ״קשת״, אין ״דור״ פון לאַיד-דזשאָרדזש אָבער וועט גאָר קיין וואָלקען ניט זיין, און דער ״קשת״ (דעקלעראַציע בלע״ז) וועט ווידער שיינען...

און געקומען איז אויך דער ״דורו של לאַיד-דזשאָרדזש״ און אַז די מערכה אונזערע האָט זיך נאָך אַלץ ניט געהויבען,

האָבען מיר ווידער זיך געטרייסט מיט "דורו של מעקדאָ-נאַלד". ער, דער ארבייטער פיהרער, וועלכער איז נאָך זיין באזוך אין ארץ ישראל אריינגעפאַלען אין אַן עקסטאַז פון הים-טערישע ליעבע צום אידישען פאָלק און צו דער אידישער זאך, ווען ער, מעקדאָנאַלד ירום הודו, וועט נאָר באַשטייגען דעם פרעמיער טראָהן, דאן וועט מיט אמאָהל אלעס גוט ווערען.

"בדורותיו" ! ...

און שוין ברוך השם דאָס אויך דערלעבט. זיך שוין ארויפגעאַרבייט צו אַן ארבייטער רעגיערונג, האָט עס טאַקע אונז אָנגעאַרבייט אַזאַ מהפכה אין יענע טרויעריגע טעג פון אב-תרפ"ט, אז דער רויטער אראבישער "טאַרבוש" אונטער דער רעגיערונג פון דער רויטער ארבייטער פאָהן האָט אַזוי פאַר'רויטעוועט דעם אידישען ארץ ישראל באָדען מיט אידיש רויטע בלוט פון אונזערע קדושים אין חברון, צפת, ירושלים, אַזוי אַז עס דאַרף פשוט רויט ווערען דער פנים פון די רויטע פיהרער פון גרויס חרפה און שאַנד.

דער "בדורותיו" האָט פאַרשפּילט, ער איז באַנקראָט. דורכגעמאַכט אלע דורות, אלע אַדמיניסטראַציעס און די אידישע לאַגע איז געגאַנגען פון שלעכט צו ערגער.

אויך אין באַצוג צו אימיגראַציע קען זיך אונזער "תבה" ניט פאַרגלייכען צו נח'ס תבה, אבוואָהל אויך אין די לעצטע איז די אימיגראַציע געווען באַשרענקט. דאָרט אַמ-וויינינגסטענס איז אָבער די קוואָטאַ פאַר "טהורים" געווען זיבען פאָך גרעסער ווי פאַר די "טמאים" (מכל הבהמה הטהורה תקח לך שבעה שבעה -- ומן הבהמה אשר לא טהורה היא שנים), ווערענד אין אונזער ארץ-ישראל-תבה איז די קוואָטאַ פאַר די טהורים זעהר אַ באַגרעניצטע און פאַר די טמאים, די שמוציגע אראבער, איז אין גאַנצען קוואָטאַ-לאָז...

* * *

שולדיג אָבער זיינען אויך מיר אַליין און אפשר איז טאַקע די גאַנצע שולד אונזערע. צופיעל תמימות׳דיג און נאַ־איוו זיינען מיר געווען, ווען מיר האָבען די גאַנצע צייט גע־גלויבט, אַז ענגלאַנד׳ס ״מתן דעקלעראַציע״ איז געווען דורכ־אוים ״לשמה״ ס׳הייסט לשם פון דער אידישער אומה און ניט געטראַכט אפשר איז עס גאָר געווען לשמה ממש, פאַר איהרע אינטערעסען אַליין, אינטערעסען צוליעב׳ן סועץ קאַנאַל, איבער וועלכעם ס׳האָט זיך אין מלחמה צייט געלוינט צו געווינען די אידישע סימפּאַטיע... און לויט׳ן כלל, אַז ״אהבה התלויה בדבר בטל דבר בטלה אהבה״, איז קיין חדוש ניט, אַז נאָך דעם ווי זי האָט שוין געקראַגען דעם מאַנדאַט אויף א״י און ס׳האָט נאָכהער אָנגעהויבען בלאָזען אַ ווינט פון אינדיע, ווען די ענג־לישע אינטערעסען האָבען שוין געפאָדערט די סימפּאַטיע פון די אַראַבער, איז דאָ אויך מקוים געוואָרען דער ״בטל דבר — בטל אהבה״...

אויך אין דעם פונקט האָט זיך ווידערהאָלט אַ שטיק תבה געשיכטע.

פאַר נח׳ס תבה ווי פאַר אונזערע איז אויך געווען באַשטימט אַ שליח און אויך יענער שליח האָט נח׳ן פאַרראַטען אוים עגאָאיסטישע מאָטיווען. מיר מיינען דערמיט — דעם ע ו ר ב.

״ויצא העורב יצא ושוב״...

נח שיקט אַרוים צוליעב זיינע תבה אינטערעסען דעם בעקאַנטען עורב ער זאָל פאַר איהם טהאָן אַ שליחות, אָבער ער, דער עורב, טהוט ניט די דאָזיגע שליחות בשלמות. עפּעס איז ער ״יצא ושוב״, געהט כלומר׳שט יאָ און קעהרט זיך צוריק. אונזערע חכמים קאָמענטירען וועגען דעם און זאָגען אַז: ״מלמד שחשד לנח על בן זוגו״... דער עיקר אָבער איז,

אַז דעם עורב האָט מעהר אינטערעסירט זיינע אייגענע אינ-טערעסען ווי די אינטערעסען פון נח'ן, און דאָס לערנט אונז אַז — אין אמונה בעורב...

דער ריכטיגער שליח, נח'ס, איז געווען די — יונה. און יונה, אין ליכט פון מדרש, מיינט טאַקע די כנסת-ישראל אליין, וועלכע איז פאַרגליכען צו אַ יונה (עיניך יונים). די יונה, דאָס הייסט מיר אַליין דאַרפען זיין אונזערע שליחים, גלויבען אין אונזערע אייגענע כחות און אין דעם וואָס איז "הנותן לך כח לעשות את החיל הזה".

און ווען מען פאַרלאָזט זיך אויף אַ יונה, דאַן איז שוין אַ גאַנץ אַנדער נוסח. ביי די יונה ווערט געזאָגט: "והנה עלה זית טרף בפיה", און חכמים קאָמענטירען דאַרויף: "אמרה יונה לפני הקב"ה יהיו מזונותי מרורין כזית בידיך ולא מתוקין כדבש בידי בשר ודם" (בעסער געשפייזט ווערען פון גאָט'ס האַנט אַליין אפילו מיט ביטערע אַליוועז איידער דורך אַ מענ-שענס האַנט, ווען זאָגאַר מיט האָניג טייגלאַך)...

מיר וואָלטען דאַן אויך געזאָגט דעם יונה-פסוק, נאָר מיט אַ געענדערטען נוסח. אונזער נוסח וואָלט זיין: "יהיו מזונותינו מתוקין כדבש ביד הקב"ה ולא מרורין כזית בידי בשר ודם". דורך דעם בשר ודם (ענגלאַנד בלע"ז) איז אונז געבליבען בלויז אַ "כזית" א"י, נאָכדעם ווי מ'האָט דעם עבר הירדן אָבגעשניטען ווי אבר מן החי... און אויך דער כזית איז אַזוי ביטער... פון גאָט אַליין אָבער איז עס אַ גאַנצע און ניט קיין כזית'דיגע א"י און דערצו ניט קיין ביטערע, ווייל גאָט'ס א"י איז אַ האָניג זיסע, אַן ארץ זבת חלב ודבש...

און קומען וועט נאָך די צייט, ווען אַנשטאָט דעם ענגלישען לייב, וועט קומען דער "גור אריה יהודה", וועמעס שוין וועט שוין יאָ זיין אַ זיכערע, ווייל וואו עס באַווייזט זיך דער "גור אריה יהודה", דאָרט באַווייזט זיך אויך דער: "כרע שכב — מי יקימנו"!...

# לך לך

## לך לך אל הגלות   ולך לך מן הגלות

**ואעשך לגוי גדול, ואברכך ואגדלה**
**שמך, והיה ברכה. (יב — ב')**

רש"י ז"ל קאמענטירט וועגן דיזע ברכה משולשת וואס גאט האט געגעבן אברהם'ן ווען ער האט איהם געזאגט לך לך, און מאכט דערויף צוויי פירושים. דער ערשטער לויט וועלכען גאט האט איהם געבענטשט מיט דריי זאכען: מיט קינדער, מיט געלט און מיט א נאמען. ווייל דער וועג מאכט די אלע דריי זאכען וויניגער. האט ער זיך דערפאר גענויטיגט אין א באזונדער ברכה.

און דער צווייטער פשט, אז מיט'ן "גוי גדול" האט גאט געמיינט באצייכענען דאס וואס מיר זאגען "אלקי אברהם", מיט'ן "ואברכך", דעם "אלקי יצחק" און מיט'ן "ואגדלה שמך" דעם "אלקי יעקב".

בעטראכטען מיר אבער די זאך אין ליכט פון לעבען קומט ביי אונז אוים, אז די ביידע פשטים איז אין אמת'ן גאר איין פשט און דער צווייטער איז ניט מעהר ווי א קאמענטאר צום ערשטען.

לאמיר נאר גענויער באטראכטען די ערשטע ברכה פון קינדער. פארשטעהט זיך גאנץ גוט, אז קינדער זיינען ניט אלע מאהל א ברכה, אמאהל זיינען זיי גאר א קללה. אט ווי יענער ארענדער וואס צום "סדר" ביי די "מכות" האט אנשטאט "כנים" גאר געלייענט "בנים" און איז ניט געבליבען אין קיין

פארלעגענהייט זוען ער האט זיך געכאפט ביים טעות, ווייל, האט ער ערקלעהרט, "בנים" איז אויך א מכה...

נאטירליך באציהט זיך עס אויף שלעכטע קינדער. אין אזא פאל פיהלען זיך אפשר די קינדער ברכה'דיג שטאָל־צירענדיג מיט'ן גרויסען טאטען, דער טאטע אבער פיהלט זיך קללה'דיג ווען ער קען מיט די קינדער ניט שטאלצירען. דערפאר, אז גאט האט אברהם'ן געבענטשט מיט קינדער האט ער צום סוף אויסגעפירט: "והיה ברכה" ס'זאל זיין אזעלכע קינדער וואס דו אליין זאלסט זיך אויך קענען פיהלען ברכה'דיג. און דא באקליידעט רש"י'ס צווייטער פשט: "זהו שאומרים אלקי אברהם", ווייל נאר דאן זיינען קינדער א ברכה ווען זיי האלטען זיך נאך אין סאמען שפיץ פון די טראדיציאנאלע קייט, ווען ניט בלויז דער האלב מאדערנער טאטע נאר אויך דער גאנץ קאנסערוואטיווער זיידע שפילט נאך ביי איהם א ראלע. ער אנערקענט נאך דעם אלקי אברהם, דעם זיידענס גאט. "זהו שאומרים אלקי אברהם, ווען זיי, די אייניקלאך זאגען נאך אלקי אברהם... דאן איז מען שוין בכלל פארזיכערט מיט די ווייטערדיגע דורות לויט'ן כלל פון חז"ל, אז א וואו דריי דורות זיינען בני תורה וועט שוין די תורה בלייבען אין דער פאמיליע אויף אייביגע קעסט. זיי לערנען עס אב פון פסוק: "לא ימושו מפיך ומפי זרעך ומפי זרע זרעך" — דאן איז — "אמר ה', מעתה ועד עולם", עס וועט שוין בלייבען אן אייביגקייט.

אט דערפאר האט אויך גאט געזאגט צו משה'ן: "למען תספר באזני בנך ובן בנך" כאטש אייגענטליך איז דאך דער "למען תספר" א פארזאג צו אלע אידען, צום טאטען אזוי גוט ווי צום זוהן, און אויב עס וועט נאר אפילו בלויז זיין "באזני בנך" וועט דאך עס שוין במילא אויך זיין באזני בן בנך דורך דעם "בנך"?... אבער דא איז אונטערשטראכען געווארען

אַט דער חשוב'ער פּונקט, אַז ניט בלויז דער טאַטע זאָל דער־צעהלען דעם זוהן, נאָר דער זיידע זאָל אויך קענען דער־צעהלען דעם אייניקעל. ער, דער אייניקעל, זאָל קענען פאַר־שטעהן אויך די שפּראַך פון זיין אַלט־מאָדישען זיידען. עס זאָל זיין אַ "תספר באזני בן בנך" דורך דיר אַליין און ניט דורך דיין "בנך"...

און געווים איז די דאָזיגע ברכה איבערהויפּט שטאַרק נויטיג ווען עס האַלט ביי פּרשת "לך לך". "הדרך ממעטת את הבנים" און אין גלות איז די מכה פון "בניך ובנותיך נתונים לעם אחר" שטאַרק עפּידעמיש...

די צווייטע ברכה פון "געלט", נויטיגט זיך דאָך גע־ווים אין דעם אונטערשלאָג פון "והיה ברכה", ווייל געלט אָן און פאַר זיך קען דאָך געווים זיין אַ קללה. דורך געלט קומט דאָך אַ "וישמן" און דורך וישמן קומט לרוב אַ "ויבעט"; דורך געלט קען מען דאָך חלילה נכשל ווערען אין דעם: "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה". ווען מען נוצט אָבער געהעריג אויס דאָס געלט, מען ווערט ניט דורך דעם קיין עגאָאיסט נאָר אַ מין "פּזר נתן לאביונים" דאַן איז דאָס געלט ווירקליך אַ ברכה.

מען דערצעהלט אויף ר' מאיר'ל פּרומישלאַנער, אַז ער האָט זיך אַמאָהל אויס גע'טענה'ט מיט'ן רבונו של עולם און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט: "ס'איז אמת, גאָט, אַז ווען דו וועסט אויסקוועטשען די אידישע תפלות וועט פון זיי אַרויס בלויז געלט און געלט, ווייל אַלע תפלות זיינען אַממערסטענס תפלות פאַר געלט... דערפאַר איז אָבער אויך אמת, אַז ווען דו וועסט אויסקוועטשען די אידישע געלט וועט פון דאָרט אַרויס בלויז תורה און תפלה... ווייל צו וואָס דאַרף דען אַ איד געלט אויב ניט פאַר תורה, צו קענען קריגען אַן איידים אַ למדן, אַ גוטען מלמד פאַר זיינע קינדער א. ד. ג.

יאָ, געלט פאַר אַזעלכע צוועקען איז געווים אַ ברכה. דער סימבאָל פון אַ געלט-אידען פון דעם סאָרט איז — יצחק אבינו. ביי יצחק׳ן שטעהט: ״ויזרע יצחק, וימצא מאה שערים ויברכהו ה׳״. ער איז געווען רייך און טאַקע זעהר רייך: ״ויגדל האיש הלך וגדול עד מאד״ פון דעסטוועגען איז ער ניט גע־וואָרען קיין ויבעט׳ניק, ער האָט אנערקענט, אַז ניט: ״כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל״ נאָר אַז — ״ויברכהו ה׳״, און ווען עס איז איהם געוואָרען גאָר רחבות׳דיג, אַז ער האָט אַזש דעם פלאַץ גערופען ״רחובות״, האָט ער אויפ׳ן שטעל צוגע־געבען: ״כי עתה הרחיב ה׳ לנו ופרינו בארץ״.

און אויב אַז די ברכה פון געלט איז באַקליידעט מיט אַ זהו ״שאומרים אלקי יצחק״, פונקט ווי יצחק, זאָגען זיי אויך, אַז דער אלקי יצחק האָט עס געגעבען, דאַן איז טאַקע — והיה ברכה, אַזאַ געלט ברייננגט טאַקע ברכה, אַ ברכה פאַר גאָט און אַ ברכה פאַר די מענשהייט, ווייל ביידע געניסען פון אַזאַ געלט...

און די ברכה האָט אויך אַ גרויסע שייכות מיט ״לך לך״, ווייל די אומות העולם קוקען אויף׳ן אידען אַלס אַ געלט-גייציגער און קוים ארבייט זיך אַ איד אַביסעל ארויף אין דער לך לך-מדינה ווערט ער באַטראַכט פאַר אַ קללה...

און דאַן קומט די דריטע ברכה: ״ואגדלה שמך״, וואָס מיינט פשוט צו קריגען אַגרויסען נאָמען. אָבער אַ גרויסער נאָמען נויטיגט זיך דאָך געווים אין אַ ״והיה ברכה״, ווייל זיינען דאָך פאַראַן פיעלע מענשען וואָס האָבען געקראָגען גרויסע נעמען אויפ׳ן חשבון פון זייערע ניט-שעהנע מעשים. באַ־ריהמטע גנבים, געננסטער א. ד. ג. קריגען דאָך אויך ״פובלי־סיטי״ אָבער אַזאַ ״נאָמען״ איז דאָך אַ קללה און ניט קיין ברכה... דער נאָמען איז דעריבער בלויז דאַן גרויס און חשוב ווען ער איז קאָמבאַנירט מיט די געטליכקייט, ווען אַ דאַנק

הימלישע גרויסקייט קריגט מען דעם נאָמען. "ואגדלה שמך" דעמאָלט ווען: "זהו שאומרים אלקי יעקב"...

דער ענגלישער שעקספיר האָט אוועק געמאַכט מיט א נאָמען. "וואָס איז אַ נאָמען"? — האָט ער געזאָגט. ביי אונז אָבער מיינט אַ נאָמען זעהר פיעל: "אשר שם שמות באדם— אל תקרי שמות אלא שמות", האָבען אונזערע חכמים געזאָגט. שמות, נעמען, שפּילען אַ וויכטיגע ראָלע, אָבער בלויז דאַן ווען זיי זיינען אַזעלכע שמות וואָס געהען ניט צוזאַמען מיט קיין שמות, ניט קיין וויסטע נעמען, ניט קיין גענגסטערשע בּאַרימט־קייט, נעמען וועלכע זיינען בּאַקליידעט מיט אַ "והיה ברכה"...

יאָ, די ברכה פון "ואגדלה שמך" איז זעהר אַ חשוב'ע און איהר חשיבות פיהלען מיר נאָך מעהר ווען זי איז פאַרבונ־דען מיט די פרשה לך לך, ווייל אין גלות איז דאָך אונז מישטיינס געזאָגט גאַר ניט געבליבען, מיר זיינען דאָך ניט קיין קינדער נאָר שטיף קינדער, ניט קיין "בעלי ממון" נאָר "דלפנים" און דאָך זיינען מיר אַלעמען ווי אַ דאָרען אין די אויגען, אַ ציעל ברעט פאַר אַלע הינטישע אַנטיסעמיטען, ווי מען וואָלט זיך ווירקליך פאַר אונז שרעקען, און דאָס איז אַלץ צוליעב אונזער נאָמען. אַלעס האָט מען ביי אונז צוגענומען אָבער אונזער שטאָלצער נאָמען איז געבליבען...

* *
*

די פרשה פון לך לך איז אָבער אין אמת'ן ניט בלויז אַ גלות פרשה זאָנדערן אויך אַן ארץ ישראל פרשה. אָרגינעל איז זי דאָך טאַקע געזאָגט געוואָרען צו אברהם'ן אויף זיין וועג קיין ארץ ישראל.

און אַקוראַד ווי דער לך לך איז זעהר אַ שווערער קאַפּיטעל ווען ער באַציהט זיך אויף'ן געהן אין גלות, אַזוי איז ער אויך, און פיליכט נאָך שווערער ווען ער באַציהט זיך

אויף׳ן געהן פון גלות. דער גלות האט אזוי פאר׳גלות׳ט א סך פון אונזערע אידען, אז מען דארף מיט זיי שווער הארע־ווען אויף די דאזיגע פרשה אום זיי צו באיינפלוסען אויף וועלען געהן קיין ארץ־ישראל. מיר רעדען דא ניט נאטירליך וועגען די ארעמע אידען. א״י נויטיגט זיך דאך איבערהויפט אין די רייכע אידען וועלכע זאלען אינוועסטען זייערע שווערע קא־פיטאלען אין ארץ ישראל דורך וועלכע די לאנד וואלט זיך גע־קענט פיעל שנעלער אויפבויען. אבער גראדע אט די רייכע אידען גלוסט זיך ניט אזוי שטארק פארלאזען דעם גלות. זיי זיינען שוין אזוי ווייט אסימילירט געווארען, אז ביי זיי איז שוין דער גלות גופא א שטיק ארץ ישראל. רעדט מיט זיי און זיי וועלען אייך גלייך ערקלעהרען, אז עס פעהלט זיי דא אין גלות קיין זאך ניט. מיר האבען דא גלייכע רעכטע, מיר זיינען דא פאליטיש אויך שטארק פארטראטען. ניט בלויז פילען אידען אוים א סך פאליטישע עמטער אין די שטעט און אין די פרא־ווינצען נאר אפילו אין די לאנדם עמטער, דאס וואס מיר רופען דא פעדעראלע אפיסעס, אויך דארטען פארנעהמען מיר א פרא־מענענטען פלאץ. אין פעדעראלען פארלמענט אזוי גוט ווי אין דעם סטייט אדער פראווינץ פארלמענט האבען מיר אונזערע ״סיטס״, אין וואשינגטאנער סופרים קאורט אזוי גוט ווי אין די קלענערע געריכטס הייזער האבען מיר אונזערע אידישע ריכטער.

עס איז נאטירליכערווייזע פיעל שווערער צו נאצ־יאנאליזירען דעם אסימילאטאר וועלכער האט שוין זוכה געווען צו דערגרייכען צו דער העכסטער שטופע פון ״גדולה״, ווי מיר באצייכענען עס אונטער׳ן טיטול ״פעדעראלע לאנדס גדולה״, ווי דעם ווינציגער ״גליקליכען״ וועלכער האלט נאך ביי דער שטופע פון פראווינציאנעלע גדלות, ווייל וואס מעהר גענוס מען ערבייכט אין גלות אלץ מעהר פארצווייגט ווערט די אסימילאציע.

מען האָט אַמאָהל זעהר אויף אַ געלונגענעם אופן כאַראַקטעריזירט די איינטיילונג פון די דריי סאָרט שוהלען וואָס עקזיסטירען אין דעם אַמעריקאַנער אידענטהום: די אָרטאָדאָקסישע, די קאָנסערוואַטיווע און די רעפאָרמישע. ניט קיין אידעען פערשיעדנקייט, האָט מען געזאָגט, האָט פּראָדוצירט די דאָזיגע קלאַסיפיקאַציע, ס'איז נאָר אַ פּראָדוקט פונ'ם דאָלאַר. . ווען דער איד איז נאָך בעל הבית'יש, געהט ער אין די אָרטאָדאָקסישע שוהל, ווערט ער גביר'יש, געהט ער שוין אין קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָג און ווען ער ווערט שוין מיליאָנעריש איז שוין די לעצטע אויך ביי איהם "אָלד פעשיאָנד" און ווערט שוין אַ מעמבער פון רעפאָרם טעמפּעל . . . אָדער אין פּשוט'ערע ווערטער: אַ איד פון נויאָרקער העסטער סטריט געהט אין בית המדרש, פון "אפּטאון" געהט אין סינאַגאָג און פון "ריווערסייד דרייוו" — אין טעמפּעל.

דערמיט פאַרשטעהען מיר דעם סדר פון דער פּרשה, וואָס שטעלט פריהער "מארצך", נאָכהער "מולדתך" און צום סוף "מבית אביך" כאָטש אין אמת'ן איז דאָך דער פּראָצעס אַ פאַרקערטער, פריהער פאַרלאָזט מען די הויז, נאָכהער די שטאָט און ערשט דערנאָך די לאַנד?

לויט דאָס פריהער געזאָגטע איז עס אָבער גאַנץ ריכטיג. צום אַלעם ערשטען דאַרף מען פאַרלייגען כחות אויף די אַסימילאַטאָרישע "גדולים" וואָס געהערען צום "מארצך" ד. ה. צו די קלאַס פון פּאָליטישע פּ ע ד ע ר א ל ע גדולה. קוים האָט זיך דאָס איינגעגעבען קען מען שוין לייכט איבערגעהן צום "מולדתך", די שטאָדטיש-פּראָווינץ גדולים און קוים האָט מען זיי שוין נאָר אָבגעריסען פון די צוויי גדולות ווועלען זיי שוין במילא אויך אוועק מבית אביך, פון דעם אָדאָפּטירטען טאַטענס הויז — אל הארץ אשר אראך . . .

אָבער אויך אין לך לך נומער צוויי, אין געהן קיין א״י, איז נויטיג די אויסגערעכענטע דריי זאכען: קינדער, צו שאפען אין א״י א קולטורעלען צענטער לתורה ולתעודה פאר אונזערע קינדער, און דאס קומט נאטירליך צום ערשטען וויל דאס איז דער ענד ציעל פון אונזער א״י, דאן קומט — געלט, א געזונטען עקאנאמישען צענטער, און דאן קומט — דער נאמען, אונזער נאמען זאל זיין גוט פאליטיש. די וועלט זאל זיך רעכענען מיט אונז, אבער דאס קומט צום סאמען לעצט, וויל אויב מיר וועלען נאר זיין קולטורעל און עקאנאמיש שטארק, וועט אונזער פאליטישע מערכה שוין ממילא דער־הויבען ווערען...



# וירא

## הצהרת אבימלך והצהרת בלפור

**מה שאירע לאבות אירע לבנים**
**(מדרש).**

מערקווירדיג: אונזערע חכמים האָבען מיט זייער פּראָפּעטישען בליק געקוקט אין דער וויטער צוקונפט און געזעהן אין דער געשיכטע גאַנג די רעפלעקציע פון די פּאַסירונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט און געקומען אויף אַזאַ אַרט צום באַשלוס, אַז "אַלעס וואָס האָט פּאַסירט מיט די אבות האָט אויך פּאַסירט מיט זייערע קינדער".

און ווען מיר פאָלגען נאָך די דאָזיגע נבואה אין ליכט פון די געשעהענישען אין אונזער געגענוואַרטיגען לעבען, זעהען מיר באַשיינפּערליך ווי אַלעס שטימט אויף׳ן האָר, ממש קאָפּירט אות באות, און נאַטירליך דיענט עס פאַר אונז אַלס לעהרע צו וויסען ווי צו באַזייטיגען די געשיכטליכע איבלען ווען מיר וועלען נאָר געהן אין די טריט פון דעם עבר און איהם געהעריג אויסנוצען פאַר דעם הוה.

אַט קומט פאַר אין היינטיגער סדרה די געשיכטע פון אבימלך מלך פלשתים און זיינע באַציהונגען צום ערשטען איד, אברהם העברי, אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך ריכטיג אָב די געשיכטע פון די היינטיגע אבימלך׳ס און די היינטיגע אברהם׳ס.

אברהם שטרעבט, אין אַנקלאַנג מיט די געטליכע הבטחה, זיך צו באַזעצען אין פלישתים לאַנד (פּאַלעסטינאַ) און דאָרט אויפבויען זיין נאַציאָנאַלע היימלאַנד. און געקומען איז די גליקליכע שעה ווען אברהם באַקומט אין פאַרבינדונג

דערמיט אַ פּאָליטישע דעקלעראַציע, וועלכע איז אין איהר אינ־האַלט און פאָרם זעהר עהנליך, כמעט גלייך, צו דער באַלפור דעקלעראַציע פון אונזער דור.

אבימלך׳ס דעקלעראַציע ווי די באַלפור׳דיגע ענט־האַלט צוויי טהיילען. דער ערשטער, וועלכער רעדט וועגען דער עיקר זאַך, נעמליך: די באַזעצונג אין ארץ ישראל לויט דעם אידישען וואונש. דאָס ווערט געבראַכט צום אויסדרוק אין פאָלגענדען זאַץ:

״ויאמר אבימלך הנה ארצי לפניך כטוב בעיניך שב״. (און אבימלך האָט געזאָגט: האָט איז מיין לאַנד פאַר דיר. אָט וואו דיר געפעהלט באַזעץ זיך). דוכט זיך קלאָהרע דבורים, די זעלבע קלאָהרקייט ווי אין דעם ערשטען טהייל פון אונזער באַלפור דעקלעראַציאָן.

און אָט גלייך נאָכדעם פאָלגט דער צווייטער טהייל פון דער דעקלאַראַציע וועלכע זוכט, ווי אין די באַלפור׳דיגע, צו פאַרזיכערען ציווילע און רעליגעזע רעכט צו די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען אין לאַנד. דיעזער טהייל קריגט דעם אויס־דרוק אין דעם פאָלגענדען זאַץ:

״ועתה השבעה לי באלקים הנה אם תשקר לי ולניני ולנכדי״ (און איצט שווער מיר ביי גאָט אויב דו וועסט קריוו־דען די פּריווילעגיעס פון מיינע קינדער און אייניקלאַך—מיינענ־דיג, די איינגעבירטע איינוואָהנער פון דער פלשתים ראַסע). אברהם איז מסכים אויףביידע טהיילען און ענטפערט: ״אנכי אשבע״ (איך שווער).

אבימלך דעמאָלט, אַזוי ווי דער ענגלישער פּרעמיער מעקדאָנאַלד הייגט, איז אינספּירירט פון דעם אידישען בוי־פּראָגרעס אין א״י. מעקדאָנאַלד דריקט עס אויס אין אַ ספּעצ־יעלען פּאַמפלעט, וואָס ער האָט פאַרעפענטליכט נאָך זיין באַ־

זוך אין א"י, און אבימלך דריקט עס אוים אין פאָלגענדע ווערטער:

"ויאמר אבימלך, אלקים עמך בכל אשר תעשה".

אָה! איך זעה, אַז גאָט'ס ברכה בעגלייט דיר אין אַלעס וואָס דו טהוסט. מאַכסט גוואַלדיגען פאַרשריט.

איז דאָך גוט! פאַרגעסט אָבער אבימלך ניט, ווי עס האָבען ניט פאַרגעסען די ענגלישע פרעמיערס מיט זייער קאָלאָניאַל שטאַב, אונטער צושטרייכען ביי יעדער געלעגענהייט, אַז מען טהוט מיט אונז חסד ווען מען ערלויבט זיך אונז באַזעצען און איינאָרדנען אין א"י. א"י איז ניט קיין אידישע נאַציאָנאַלע היימלאַנד, נאָר אידען קענען אין א"י מאַכען אַ נאַציאָנאַלע היימלאַנד. דער אונטערשיעד פון ביידע נוסחאות דאַרף קיין באַזונדערע פירושים ניט האָבען. עס איז גענוג קלאָהר... אָט דערפאַר איז אבימלך גענוג פאַרזיכטיג אין זיין דעקלעראַציע ווען ער זאָגט: "הנה ארצי לפניך"... און באַטאָנט עס נאָך דייטליכער ווען ער אונטערשטרייכט, אַז עס איז נאָר אַ חסד־דעקלעראַציע: "כחסד אשר עשיתי עמך" — — — ועם הארץ אשר גרתה בה", ווי צו זאָגען, אַז מיט די אַלע פּאָליטישע זכויות בלייבסטו נאָך אַלץ אַ גר. די אמת'ע תושבים זיינען גאָר די "נינים" און די "נכדים" (קרי: די מוסא קאַזים'ס און די חוסעין'ס...

און דאָ פאַנגט זיך ערשט אָן אַ שורה פון פורעניות'ן איינע נאָך די אַנדערע.

"פרעמיער" אבימלך ווי פרעמיער מעקדאָנאַלד האָט זיך זיינע היי־קאָמישאָנערס אין פּאַלעסטינער אַדמיניסטראַציע, און אָט די אַדמיניסטראַציע איז פיינדליך געשטימט צו דער אידישער זאַך. זיי, די אַדמיניסטראַטאָרען, זיינען ניט געהרן צו זעהן דעם אידישען פּראָגרעס ווי זיי, די אידען, פערוואַנדלען וויסטע מדבריות אין גאָט'ס געבענטשטע גן עדנ'ס, און

לייגען דערפאַר אַלערליי שטיינער אין וועג צו שטערען די אידישע בוי אַרבייט. גזל'נען אַוועק די ברונעם'ס, וואָס די עבדי אברהם גראָבען, און שטערען אויף אַזאַ אופן די בויאונג אַר־בייט. און וויפיעל אַזעלכע שטערונגען האָבען אונז שוין געלייגט אין וועג די "עבדי מעקדאָנאַלד" ? עס איז דאָך ניט קיין אונ־טערשיעד צו די שטערונגען קומען אין געשטאַלט פון אַוועק־רויבען ברונעם'ס אָדער אין געשטאַלט פון אַוועקרויבען פריי־ווילעגיעס אין באַצוג צו איינוואַנדערונג אָדער באָדען־ערוואָבערונג.

אברהם נאַטירליך קען ניט ליידען די דאָזיגע עוולות מצד אבימלך'ס אַדמיניסטראַציע און געהט אַרויס מיט אַ מעכ־טיגען פראָטעסט:

"והוכיח אברהם את אבימלך על אודות באר המים אשר גזלו עבדי אבימלך"...

און מיר אברהם'ס אייניקלאָך זיינען אויך אַרויס מיט אַ מעכטיגען פראָטעסט גלייך נאָך די שרעקליכע פּאָג־ראָמען פון אב — תרפ"ט, וועלכער האָט אָבגעקלונגען פון איין עק וועלט צו דער צווייטער.

אַלס ענטפער צום פּראָטעסט, געהט מעקדאָנאַלד אין די טריט פון אבימלך'ן און שרייט אויך: "לא ידעתי מי עשה את הדבר הזה"... איך וויים ניט ווער עס האָט געמאַכט די פּאָגראָמען, צו אַראַבער אויף אידען אָדער פאַרקעהרט, די אידען אויף אַראַבער... מ'דאַרף די זאַך אונטערזוכען... און דאָ פאַנגט זיך אָן די אונטערזוכענישען. דער פרעמיער שיקט אַ קאָמיסיע אין א"י, די בעקאַנטע "שאָא קאָמיסיע" לויט וועמעס רעפּאָרט עס קומט יאַקאבי אוים, אַז אידען האָבען גאָר אויף זיך אַליין געמאַכט פּאָגראָמען...

אַ צווייטע "משלחת מלאכי רעים" פאָלגט נאָך אין געשטאַלט פון דער "סימפּסאָן קאָמיסיע", און אַלס רעזולטאַט

פון דעם סימפסאָן רעפּאָרט בעקומען מיר דעם ״שוואַרץ-ווייסען פּאַפּיר״ פון לאָרד פּאַספּיעלד, דער קאָלאָניאַל מיניסטער, וועל-כער פאַרשליסט גענצליך די טויערען פון א״י פאַר אימיגראַציע און שאַפט נייע באַגרענעצונגען פאַר דעם באָדען פאַרקויף, די סאַמע צוויי הויפּט פּונקטען, וועלכע דיענען אַלס יסוד פאַר דעם בנין הארץ.

און דאָ פּלאַצט אין גאַנצען דער געדולד פון אברהם׳ס אייניקלאַך, און ווידער אַמאָהל — פּראָטעסט. איצטיגען מאָהל פיעל מעכטיגער און שטאַרקער. עס טרייסעלט אויף די גאַנצע וועלט און פאָלגט נאָך מיט רעזיגנאַציע מצד די ציון פיהרער און פאַרשטעהער פון דער אידישער אַגענטור.

מעקדאָנאַלד אבער פאַרלירט זיך ניט און ווידער מיט דעם אַלטען אבימלך פּזמון: ״לא ידעתי מי עשה את הדבר הזה״. איצט מיינט ער דערמיט אַראָפּ צו וואַרפען די שולד פון ווייסען-פּאַפּיר פון זיך און עס אַרויפלייגען אין גאַנצען אויף פּאַספּילדען, וועהרענד דער לעצטער נאַטירליך לייקענט עס ...

אָט איז עס, ווי געזאָגט, אַ פאַלשטענדיגע קאָפּיע פון דעם אַלטען אבימלך רעזשים.

דערביי נאַטירליך בלייבט עס ניט. די פּראָטעסטען ווירקען טהיילוויז, און ווי עס איז געווען אין אבימלך׳ס פאַל, אַז נאָכ׳ן ״והוכיח״ איז געקומען דער ״ויכרתו שניהם ברית״, אַזוי איז אויך דאָ נאָך די פּראָטעסטען געקומען אַ נייער ״כריתות ברית״ אין געשטאַלט פון מעקדאָנאַלד׳ס ״בריעף״ צו חיים ווייצמאַן.

אין עצם אָבער ענדערט עס ניט פיעל די לאַגע. אויך נאָכ׳ן כריתות ברית בלייבט עס אַלץ: ״ו י ג ר אברהם בארץ פלשתים״, אברהם בלייבט אַלץ אַ ג ר און אבימלך׳ס ״נינים און נכדים״, זיי, בלייבען די תושבים ...

דער סך־הכל דערפון איז, אז ניט די אבימלך׳ס און ניט די מעקדאָנאַלד׳ס וועלען אונז ברייננען די אידישע גאולה. דאָס קען געטהאָן ווערען נאָר פון די אברהם׳ס אַליין. און דער־פאַר איז אויך ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר איבערטריבענעם פּעסע־מיזם. אברהם האָט אַן אַלטע ברכה, אַ ברכה משולשת פון ״ערד״, ״זאַמד״ און ״שטערען״: ״ושמתי את זרעך כעפר הארץ, ככוכבי השמים וכחול אשר על שפת הים״. אַלע דריי ענטהאַלטען אין זיך ביידע זאַכען, שאָטען און ליכט. עס ליגט אָבער אין זיי אויך דער סוד ווי דעם שאָטען אין ליכט צו פער־וואַנדלען.

עפר הארץ. די ערד איז טאַקע פון איין זייט נידעריגער פון אַלעס, עס ווערט געטראָטען פון אַלעמען, פון מענשען אַזוי גוט ווי פון חיות, שקצים און רמשים. דערפאַר אָבער האָט ערד די מעלה, וואָס זי לעבט איבער אַלעמען און פאַרדעקט אַלעמען אונטער זיך: ״דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת״. און אויב מיר זיינען פאַרגליכען צו די ערד מיינט עס דעריבער אויך, אַז ניט נאָר ווערען מיר פון אַלעמען געטראָטען ווי די ערד נאָר אַז מיר וועלען אָט די אַלע אויך איבערלעבען ווי די ערד... דאָס קען אָבער בלויז דאַן זיין ווען מיר וועלען אונזערע אייגענשאַפטען צו פּאַסען צו די אייגענשאַפט פון די ערד. די טבע פון די ערד אין געגנערזאַץ צו זאַמד איז וואָס די ערד חלקים קענען זיך באַהעפטען צו זאַמען און ווערען איין שטיק, איין גוש און ווען מיר וועלען דאָס אויך טהאָן, זיך פאַראייניגען מיט אמת׳ע אחדות אָהן מחלוקת׳ן און פּאַרטיי צאַנקערייהען, וועט דאָס זיין אונזער שטאַרקסטער וואָפען, ניט בלויז זיך צו פאַרטיידיגען געגען אונזערע אַנגריי־פער, זאָנדערען ווען נויטיג אפילו אַליין אַנגרייפער צו ווערען.

מיר האָבען ניט קיין וואָפען אין געשטאַלט פון קוי־לען און ביקסען, שווערדען און האַראַמאַטען. ערד אַליין אָבער קען אויך אַמאָהל פערוואַנדעלט ווערען אין די שטאַרקסטע אַמוניציאָן צו פערטרייבען די מעכטיגסטע שונאים...

אַט דערצעהלט אונז דער מדרש טאַקע פון אברהם׳ן אַליין, ווען ער האָט געקעמפפט מיט די קעניגע פון די ״כדרלעומר״ גרופע: ״היה משליך עליהם עפר והוא נעשה חרבות, קש והוא נעשה חצים״. אברהם האָט געוואָרפען אויף זיי ערד און עס איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין שווערדען, געוואָרפען שטרוי און ס׳איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין פיילען.

יאָ, מיט די סגולה פון ערד, פאַראייניגונג און פאָל־שטענדיגע האַרמאָניע, קענען אברהם׳ס אייניקלאַך אויך בייקומען זייערע שונאים ווי מיט די שטאַרקסטע פיילען און שאַרפסטע שווערדען.

אַט דאָס איז די ברכה — כעפר הארץ...

״ככוכבי השמים״... אָבער מאַנכעם מאָהל ווערען די ליכט פון די שטערען אויך טונקעל, ווען דיקע וואָלקענס ציהען זיך איבער דעם הימעל, און דאַן איז די הילף, אַ שטאַרקער שטורעמדיגער ווינט, וועלכער צוטרייבט די וואָלקענס, און די שטערען הויבען ווידער אָן לייכטען.

מיר זיינען צו די שטערען געגליכען. די פינסטערע וואָלקענס פון דער אימער פאַר׳נעבעלטער לאַנדאָן, האָבען אָבער אַזש דערגרייכט דעם שעהנעם אויסגע׳שטערנ׳טען ארץ ישראל הימעל. און אום צו צוטרייבען די דאָזיגע וואָלקענס איז אויך נויטיג זיך צו באַנוצען מיט׳ן ״רוח״ אין זיינעביידע אויסטייטשונגען. רוח — ווינט, די שטורמדיגע פראָטעסט ווינטען, וועלכע האָבען זיך אַרויסגעצייגט אַלס באַדייטענדע מיטלען צו דעם ״וימש חושך״, און דער עיקר, רוח מיט זיין צווייטען טייטש -- גייסט אין אַנקלאַנג מיט דעם נביא׳ס רייד: ״לא בחיל ולא בכח כי אם ברוח״... אונזער גייסט, און אונזער שטאָלץ, געשטיצט אויף אברהם אבינו׳ס ברכות, וועלען, על אפם ועל חמתם פון אונזערע אַלע שונאים, פער־

טרייבען אַלע פינסטערנישען און מיר וועלען ווידער זיין ככוכבי השמים.

כחול הים: און דער חסרון פון זאַמד איז וואָס עס פעהלט דאָרט אחדות, די זאַמד קערנער קענען זיך ניט צו־זאַמענפרעסען און פאַראייניגען. אָט דיעזע שוואַכקייט ווען זי באַזעצט זיך אין אונזער לאַגער, הויבען מיר דאַן אָן שפּירען די דראָהענדע סכנה פון די ים־כוואַליעס, וועלכע שפּאַרען זיך מיט דעם גרעסטען אימפּעט און ווילען נאָר דורכפּלייצען דעם זאַמד און טהאָן זייער צושטערונגס אַרבייט אונגעשטערט. זיינען אָבער דיעזע כוואַליע שטורמס אויך ניט מעהר ווי אַ מין סטראַשונקע, אַן עקספּערימענט צו שטירצען דעם זאַמד, און אונזער צושפּליטערונג איבערהאַלב אונזערע אייגענע רייהען טרייבט אויף אונז אויך אַן אַ כוואַליע שטורמס פון די מים הזדונים און געזוים דאַרף עס אונז דיענען אַלס אַ וואָרנונג פאַר אחדות, וואָלטען מיר דאַן קיין צייטווייליגע שרעק אויך ניט געהאַט. אין גרונט גענומען קענען אָבער די כוואַליעס דעם זאַמד אויך ניט בייקומען, ווייל: "גבול שם וחוק לא יעברנהו"..

אָט דאָס איז די לעקציע פון דער היינטיגער פרשה פון דער וואָך.

"מה שאירע לאבות אירע לבנים" !

ניט די אבימלך׳ס, ניט די מעקדאָנאַלד׳ס און ניט ווער עס איז, וועלען אונז ברייננגען די ישועות אָדער דעם גע־גענטהייל. אונזער שיקזאַל ליגט ניט ביי זיי אין די הענט, נאָר ביי אונז אַליין. אברהם׳ס ברכות וועלען אונז אייביג באַגלייטען.

"הביטו אל צור חוצבתם — אל אברהם אביכם" !



# חיי שרה

## זקנה ובחרות

**ואברהם זקן בא בימים וה׳ ברך
את אברהם בכל (כד — א)**

אונזערע חכמים קאמענטירען וועגען דעם דערמאהנ־
טען פסוק און זאגען פאלגענדעס:

„עד אברהם לא הוי זקנה, מאן דבעי למשתעי בהדי אברהם משתעי בהדי יצחק, אתא אברהם ובעי רחמי והוי זקנה". (ביז די צייט פון אברהם׳ן איז ניט געווען קיין על־טער און ווען איינער האט געוואלט שמועסען מיט אברהם׳ן האט גאר געשמועסט מיט יצחק׳ן — מיינענדיג, אז דאס איז אברהם — ביז אברהם האט מתפלל געווען און דאן איז גע־קומען די עלטער).

דיעזער מאמר איז זעהר סימבאליש פאר דעם לעבען פון דער מענשהייט בכלל און פאר׳ן אידישען לעבען בפרט.

רעדען מיט יצחק׳ן און מיינען, אז מען רעדט מיט אברהם׳ן איז זעהר א זעלטענע ערשיינונג אין לעבען. על פי רוב, איבערהויפט אין היינטיגע דורות, איז גאנץ שווער צו זעהן אזא זאך, אז טאטע און זוהן זאלען ריידען איין שפראך. עס זיינען צוויי דורות, צוויי וועלטען, צוויי באגריפען, צוויי אנ־שויאונגען. דעם טאטענ׳ס שפראך שמעקט מיט אלטקייט, מיט קאנסערוואטיווע אבגעלעבטע אידעען ווערהרענד די שפראך פון זוהן איז א פראגרעסיווע, פארגעשריטענע און ברייננגט ארוים נייע באגריפען פון א מאדערנעם און מאנכעס מאהל במעט אויך פון א רעוואלוציאנערען כאראקטער...

טאטע און זוהן דערקענען זיך ניט. די בלוט-פער־וואנדשאפט איבט באין אופן ניט אוים קיין שפראך און אידעען פארוואנדשאפט. פיזיש זיינען זיי נאהנט אבער גייסטיג זייען זיי ווייט, זעהר וויים...

קען עס דעריבער ניט טרעפען אדער עס טרעפט זעהר זעלטען, אז ווען אייגער רעדט מיט א היינטיגען יצחק'ן זאל זיך איהם אוים דוכטען, אז ער רעדט גאר מיט אן אברהם'ן. דער פארם אזוי גוט ווי דער אינהאלט פון דער שפראך איבער־ציינגט אייך גלייך ביים ערשטען געשפרעך מיט וועמען איהר האט דא צו טהאן, צו מיט א מאדערנעם זוהן אדער מיט אן אלט-מאדישען טאטען.

עס וואלט היינט לחלוטין ניט נויטיג געווען צו אונ־טערשיידען פון טאטען און זוהן דורך פיזישע קערפערליכע צייכענס. די שפראך אליין וואלט שוין דעם דאזיגען אונטער־שיד געמאכט...

ביי אברהם'ן איז עס אבער אנדערש געווען. דארט האט זיך דורכאוים געגויטיגט פיזישע סימנים, כדי צוקענען אונ־טערשיידען און דערקענען ווער איז טאטע און ווער זוהן. פון די געשפרעכען האט עס ניט געקענט קענטיג זיין, ווייל "ווען איינער האט געוואלט רעדען מיט אברהם'ן, מיט'ן טאטען, און האט גאר גערעדט מיט יצחק'ן, מיט'ן זוהן, האט זיך איהם אויך געדוכט, אז ער רעדט מיט אברהם'ן". עס איז ביי ביידען געווען איין פארם און איין אינהאלט פון שפראך... ביידע מיט די זעלבע אידעען, מיט די זעלבע אנשויאונגען און מיט די זעלבע באגריפען.

אט דער קרעדיט האט געווים געדארפט צוגעשטעלט ווערען צו אברהם'ן וועלכער האט יצחק'ן אויף אזא ארט ער־צויגען, אז ער זאל זיין זייגער ניט בלויז א פיזישער יורש זאנ־דערן אויך א גייסטיגער... עס איז דערפאר קיין חדוש ניט

פאר וואס דער נס פון דער "עקידה" ווערט צוגעשטעלט צו די "עשרה נסיונות" פון אברהם'ן און ניט צו יצחק'ן כאטש אייגענטליך קוקט עס אוים, אז יצחק'ס נסיון איז אין דעם הינזיכט געווען א פיעל גרעסערער. אין אמת'ן איז אבער ניט אזוי. יצחק איז שוין געווען א "געטריינטער", א געשולטער תלמיד פון אברהם'ס "חדר". ער איז געבארען געווארען און ערצויגען געווארען אין אברהם'ס אטמאספערע וואו דער שטודיום פון די געטליכע לעהרע איז געווען באגרינדעט אויף די יסודות פון אפפערווילינקייט, פון מסירות נפש, פון ברענגען קרבנות און מפקיר זיין זיך אויף קדוש השם. און ווען דער רוף פון דער "עקדה" איז געקומען, איז עס ביי איהם, ביי יצחק'ן, דעריבער געווען ניט מעהר ווי א נאטירליכע זאך... דאס וואס ער האט אלע מאהל ביי אברהם'ן געלערנט טעהארעטיש איז עס איצטער צו איהם אנטפלעקט געווארען אין א רעאלע פראקטישע ערשיינונג.

ביי אברהם'ן אבער איז עס געווען ארגינאל, ער איז אין דעם הינזיכט געווען דאס וואס מען רופט דא א "סעלף מייד מען" און יצחק'ס נסיון האט דעריבער אויך נאטירליכעווייזע געדארפט צוגעשטעלט ווערען צו זיין קרעדיט. עס איז די פרוכט פון זיין לעהרע, די פראדוקטען פון זיין חנוך...

שליסט זיך טאקע דעריבער זעהר הארמאניש די צווייטע העלפט פון אונזער טעקסט-פסוק: "וה' ברך את אברהם בכל", אויף וועלכען דער דרש פון אונזערע חכמים זאגט, אז דא איז פאראן א רמז אויף יצחק'ן, ווייל "בכל" און "בן" באטרעפען ביידע צוויי און פופציג. אט דיעזער דרש קלינגט אביסעל מאדנע, ווייל וואצו איז נויטיג צו דערצעהלען, אז אברהם האט געהאט א זוהן דורך א רמז פון "בכל" ווען דאס איז שוין דערצעהלט געווארען אין דער פריהעריגער סדרה און דוקא ב פ י ר ו ש: "ויקרא אברהם את שם בנו הנולד לו אשר ילדה לו שרה יצחק"? (וירא כ"א—ג').

באַטאַנען טאַקע דערפאַר מאַנכע פון די מפרשי התורה, אַז דער רמז אין דיעזען פּסוק איז ניט אויסען צו דער־צעהלען סתם דעם פאַקט, אַז אברהם איז באַשאַנקען געוואָרען מיט אַ זוהן. דאָ מיינט אָבער דער פּסוק צו באַטאַנען, אַז טראָצ־דעם וואָס "ואברהם זקן בא בימים", אברהם איז שוין געווען אַלט און דאָך — "וה' ברך את אברהם בכל" האָט גאָט גע־בענטשט אברהם'ן מיט אַ זוהן. אָט ווי יצחק איז געווען יונג און אברהם אַלט איז ער דאָך געווען זיין זוהן בכל, מיט אַלעם... געווען אַ ריכטיגע קאָפּיע פונ'ם טאַטען, אַ זאַך וואָס איז, ווי געזאָגט, אַ זעלטענע ערשיינונג אין אונזער לעבען, אַז אַן אַלטער טאַטע מיט אַ יונגען זוהן זאָלען זיין געראָטען איינער אין אַנדערען בכל... דערצו מוז מען שוין טאַקע האָבען דעם "וה' ברך". ס'איז אַ באַזונדער ברכה פון גאָט. מעהרערע מענשען קענען נאָר שטאַלצירען מיט זייערע קינדער, נאָר דאַן ווען זיי, די טאַטעס אַליין, זיינען נאָך יונג און די קינ־דער זיינען נאָך דאַן קליינינקע עופה'לאַך, איז דעם פאָטער'ס השפעה נאָך דאָ אויף זיי, ווען די טאַטעס ווערען שוין אָבער אַלט און די קינדער זיינען שוין דאַן גרוים, זיינען זיי שוין אוים קינדער, זיי פרעגען שוין דעם טאַטען ניט און ער, דער טאַטע, קען שוין מיט זיי ווייניג שטאַלצירען.

איז עס אָבער אַזאַ טאַטע ווי אברהם, וואָס פּאַסט געהעריג אויף, אויף די קינדער אין דער יוגענד, קען ער זיך שוין דאַן עלטערען מיט זיי מיט'ן זעלבען האַרמאָנישען גייסט.

"חנוך לנער על פי דרכו גם כי יזקין לא יסור ממנה" — זאָגט דער קלוגסטער פון אַלע מענשען און דער "גם כי יזקין" דאַרף זיך ניט באַציהען גראַדע אויף'ן זוהן, ווען דער זוהן וועט אַלט ווערען, עס קען אויך איינשליסען דעם טאַטען, ווייל אין אַזאַ פאַל פונ'ם "חנוך לנער על פי דרכו" איז אפילו ווען דער טאַטע ווערט אַלט, ווען ס'איז ואברהם זקן, אין נאָך אַלץ דער זוהן אַ — בכל...

נאך מעהר דערפון: פון אזעלכע קינדער ווי די יצחק׳ס ווערט די נאהנטע פערוואנדשאפט קיינמאהל ניט דער־ווייטערט, קיינמאהל ניט, אפילו זאגאר ווען דער טאטע שטארבט איז ער נאר פיזיש געשטארבען, גייסטיג אבער לעבט ער נאך. ער לעבט אין די בלוט און אדערען פון זיין זוהן וועל־כער איז א המשך פון דעם טאטענ׳ס לעבען, פון דעם טאטענ׳ס טראדיציעס.

אט דערפאר איז היינטיגע סדרה באטיטעלט מיט׳ן נאמען חיי שרה כאטש עס האנדעלט זיך גאר פון שרה׳ס טויט און ניט פון איהר לעבען. ביי שרה׳ן אבער איז דער נאכ׳ן טויט אויך א לעבעדיגער, ווייל זי האט איבערגעלאזען א זוהן יצחק... אויך די סדרה, וועלכע בעהאנדעלט יעקב׳ס טויט רופט זיך גאר "ויחי", און אלץ דערפאר, וואס אז מען לאזט איבער אזעלכע צוועלף זיהן, לעבט מען נאכ׳ן טויט אויך...

* *
*

אקוראד אבער ווי ס׳איז פאראן אלטקייט און יוגענט אין דעם אינדיווידועלען לעבען פון יעדען מענשען קינד, אזוי איז אויך פאראן דאס זעלבע אין דעם קאלעקטיווען לעבען פון א גאנצע אומה. הויפטזעכליך איז עס שטארק קענטיג אין אונזער אידיש נאציאנאלען לעבען וואו דיעזער עלעמענטען־קאמפף האט געקראגען זיין אויסדרוק אויף אונזער ארץ ישראל פראנט.

"ישוב הישן" און "ישוב החדש"!

דאס זיינען די צוויי נעמען וואס זיינען געשאפען גע־ווארען אין פארבינדונג מיט דעם אויפבוי פון אונזער נאציא־נאלע היימלאנד. דער ישוב הישן רעפרעזענטירענדיג דעם עלטערען עלעמענט, די זקני הישוב וועלכע האבען איינגעוואנ־דערט אין ארץ ישראל מיט איבער א יאהר הונדערט צוריק און דער ישוב החדש רעפרעזענטירענדיג דעם יונגען עלעמענט

אין געשטאַלט פון די ציוניסטישע עליה, וועלכע איז אַ פּראָדוקט פון די סאַמע לעצטע עפּאָכע אין אונזער ציון באַוועגונג.

אַ טיעפער תהום טהיילט אָפּ צווישען די צוויי עלע־מענטען, אַן אונאויפערליכער קאַמפּף וועלכער נעהמט מאַנכעס מאָהל אַן אַ זעהר ערנסטען און שטאַרקען פאָרם, וואָס ברייננגט זיכער ניט קיין גוטס צו דער אידישער זאַך.

נאַטירליך איז עס אַן אידעען קאַמפּף, אַ קאַמפּף פון פאַרשידענע השקפות און אנשויאונגען. די זקני הישוב ווערען פון די יונגע באַטראַכט אַלס צו קאָנסערוואַטיוו, צו אַלט מאָדיש, ווערענד די אַלטע באַטראַכטען די יונגע פאַר צו מאָדערנע, צו פּראָגרעסיוו, און דער רעזולטאַט איז, אָפטע צוזאַמענשטוי־סונגען, אינערליכע רייבונגען, וואָס דריקען זיך שווער אָפּ אויף די געמיטער און לייגען שווערע שטיינער אויף׳ן וועג פון די בויאונגס אַרבייט.

זעצען אוים די יונגע אויף די אַלטע און פאַראור־טהיילען זיי אַלס אַן אונפּראָדוקטיווען עלעמענט, וועלכע זיינען געקומען אין ארץ ישראל בלויז מיט׳ן צוועק צו שטאַרבען... קריטיקירען ווידער פון דער אַנדער זייט די אַלטע, די יונגע, וואָס זיי פאַרגעסען שוין אין גאַנצען אַן טויט און צוליעב די חיי הגוף זיינען זיי מפקיר די חיי הנפש, זיי פאַרוואַכעדיגען די קדושה פון ארץ ישראל און בויען דעם נאַציאָנאַלען לעבען אויף דעם חורבן פון דעם טראַדיציאָנעלען...

דערמאַהנט עס מיר אין אַ פּיקאַנטע מעשה׳לע, וואָס ווערט דערצעהלט פון אַ חסיד מיט אַ מתנגד, וואָס האָבען ביידע געדאַוונט יום כפור אין שוהל איינער לעבען אַנדערען. אין דער תפלה פון "ונתנה תוקף" האָט זיך דער מתנגד שטאַרק צו וויינט ביים "אדם יסודו מעפר וסופו לעפר". דער חסיד אָבער האָט געצייגען די אויפמערקזאַמקייט פון זיין שכן, אַז דערביי איז ניטאָ וואָס צו וויינען. מילא, זאָגט ער, ווען דער

מענש וואָלט געווען פון דימאַנטען און בריליאַנטען און זיין סוף וואָלט געווען "לעפר" וואָלט מען געדאַרפט דערויף וויינען, אָבער אַז ס'איז "יסודו מעפר" טאָ וואָס איז צו וויינען אויפ'ן "וסופו לעפר" ?... אויף וואָס מ'דאַרף יאָ וויינען, טענה'ט דער חסיד, איז אויפ'ן "בנפשו יביא לחמו" ווען מען אַר־בייט אוים די שטיקעל ברויט ניט מיט'ן גוף נאָר מיט'ן נפש, מען פאַרקויפט פאַר דאָס שטיקעל ברויט די נשמה, די תורה מיט'ן שבת מיט אַלע הייליגטימער, דאַרויף איז ווירק־ליך דאָ צו וויינען...

די זעלבע טענות זיינען אויך פון די בני ישוב הישן און די בני ישוב החדש, און וועהרענד די לעצטע וויינען אויף דעם "וסופו לעפר" פון די ערשטע, וואָס זיינען געקומען שטאַר־בען אין ארץ ישראל, וויינען די ערשטע אויף דעם "בנפשו יביא לחמו" פון די לעצטע.

איז אָבער די קריטיק פון די יונגע סיי זוי ניט קיין באַרעכטיגטע. אַ בליק אין היינטיגע סדרה באַווייזט זייער טעות. אויך אברהם'ס ערשער "דיעל" אין ארץ ישראל איז גע־ווען פון אַ שטערבענדען כאַראַקטער און זיין ערשטער "קושאַן" אָדער "דיעד", וואָס ער האָט געקראָגען אויף די ערשטע שטי־קעל באָדען איז געווען אַ קושאַן אויף שרה'ס קבר, וואָס ער האָט געקויפט פון עפרון החתי, און דאָך איז דערמיט געלייגט געוואָרען דער ערשטער גרונדשטיין אויף אַ אידישע א"י, און אָט דער קושאַן דיענט נאָך ביי אונז ביז היינט צוטאָג אַלס דער שטר קנין אויף אונזער נאַציאָנאַלע היימלאַנד.

פון יענעם שטאַרבען איז אויסגעוואַקסען דער היינטיגער לעבען און אויך פון דעם שטאַרבען פון די זקני הישוב איז אויסגעוואַקסען דער נייער לעבען פון זייערע יונגע אייניקלאַך. אין דער נאַטור זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע ער־שיינונגען. עס קען ניט אויסשפּראָצען קיין נייע פרוכט בע־

פאַר די ערשטע פאַרזייהטע קערנער זיינען ניט אָבגעשטאָרבען אין די ערד...

אין גרונט גענומען זיינען אָבער די טענות בעצם פאַלש. ווייל דאָס וואָס דער ישוב הישן האָט באמת געבויט אין א"י אין פאַרלויף פון א האַלבען יאָהר הונדערט איז, לויט די באַדינגונגען פון יענער צייט, פּראָפּאָרציאָנעל ניט מינדערוויר־דיג פון די בויאונגס אַרבייט פון דעם ישוב־החדש...

ווי די זאַך זאָל ניט זיין, די דאָזיגע ערשיינונג אָן און פאַר זיך, איז ניט קיין געזונטע און אויב אברהם איז דאַ־מאָלס געצוואונגען געווען מתפלל זיין, אַז עס זאָל יאָ באַשאַפען ווערען דער אונטערשיד פון אַלטקייט און יונגקייט, וואָלטען מיר גערדאַרפט מתפלל זיין גראַדע פאַרקעהרט, אַז דער אונטער־שיד זאָל אָבגעשאַפען ווערען. מיר זאָלען האָבען אַ האַרמאָנישע אברהם אבינו'ס מטבע, וועלכע איז באַשטאַנען פון "זקן וזקנה מצד זה ובחור ובתולה מצד זה", וואָלט עס פאַר אונז פיעל געזינטער געווען...



# תולדות

## תורה ועבודה — סיסמת יצחק

**ויאהב יצחק את עשו כי ציד בפיו**
**ורבקה אהבת את יעקב (כה — כח)**

צוויי אינטערעסאַנטע טיפּען שטעלט די תורה אונז פאַר אין געשטאַלט פון די צוויי ברידער יעקב און עשו און פיעל פיעל האָבען מיר, יעקב׳ס קינדער, צו לערנען פון איהם, דעם זיידען, וועמעס אַרט לעבען שפּיגעלט מיט זיך אָפּ אַ פאַל־שטענדיגע לעבענס פּראָגראַמע פאַר זיינע קינדער אין אַלע דורות.

„ויעקב איש תם יושב אהלים" !

יעקב איז אַ קולטור מענש, לערנט אין די ישיבות פון שם ועבר, און ווידמעט זיין גאַנצע צייט די קולטורעלע און גייסטיגע שאַפונגען, האָט קיין שייכות ניט מיט דער גשמיות׳־דיגער וועלט, דער עולם המעשה, און באַגרעניצט זיך בלויז אין זיינע ד׳ אמות של הלכה. הקול קול יעקב ! אין דעם דריקט זיך אויס זיין גייסטיגער כח און זיינע אינטעלעקטועלע פעהיג־קייטען.

עשו ווידער, איז אַ „איש שדה", אריינגעטהאָן אין גאַנצען אין דער אירדישער וועלט, אַ פעהיגער קאָלאָניסט, אַ גוטער יעגער, און טויג זיך אויס צו דער וועלט. איז אָבער ווייט פון קולטור און פון גייסטיגע אייגענשאַפטען. ביי איהם אָפּע־

רירען בלויז די הענט. "הידים ידי עשו", און "ידים" האָט ער ריכטיגע. מעשה ידיו להתפאר ... אויף דיעזען געביט פון פיזישע און קערפּערליכע קוואַליפיקאַציעס איז ער אַן אָנער־קענטער אויטאָריטעט, אַן עקספּערט, אַ ספּעציאַליסט.

איז אָבער פאַראַן אַ מערקווירדיגער שטריך אין עשו'ס כאַראַקטער. ער קען אויך שפּילען די ראָלע פון אַ גע־ניטען אַקטיאָר, און אין דער צייט, ווען יעקב אַלס "איש תרוח" בלייבט אין דעם גרעניץ פון זיין אייגענער טעריטאָריע, איז אַ "חכם המכיר את מקומו", און רוקט זיך ניט אין קיין פרעמדע טעריטאָריעס, איז שוין עשו אָבער גאַנץ אַנדערש. ער קען זיך שוין אויך אָנטהאָן אַ רבנישע שטריימעל און מאַכען דעם אָנ־שטעל, אַז ער איז ביידע זאַכען, אי צו גאָט אי צו לייט. קומט צום טאַטען, שטעלט נאַאיוו אָן אַ פּנים פון אַ העכסט פרום רע־ליגיזען אידען, וועלכער קען נעבאַך ניט שלאָפען איבער אַ האַרבע שאלה פון מעשר'ן זאַלץ און שטרוי ... זיינע אַקטיאָ־רישע שטיק גיט זיך איהם זאָגאָר איין אויך, עס געלינגט איהם אָבצונאַרען זיין פרומען טאַטען יצחק, וועלכער צאַצקעט זיך מיט זיין "פרומען" תכשיט, און שענקט איהם אַ חלק בכורה אין זיין פאָטערליכע ליעבע — "ויאהב יצחק את עשו כי ציד בפיו", יצחק ליעבט מעהר עשו'ן, אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז אַ גוטער פאַנגער, ניט נאָר מיט זיינע "ידים" נאָר אויך מיט זיין מויל ... און פאַנגט, ניט נאָר פרעמדע חיות נאָר אויך איי־גענע מענשען.

דאַרף עס אָבער ניט מיינען, אַז יעקב איז ווירקליך אַ הונדערט פּראָצענטיגער בטלן, וועלכער ווייס נאָר די גמרא און אין הוויות העולם, איז ער אַ פאָלשטענדיגער איגנאָראַנט. די פאַקטען זאָגען אַנדערש. אָט זעהען מיר צום ביישפּיעל דעם דאָזיגען "תם", ווי ער פאַרשטעהט אפילו הויז ווירטשאַפטליכ־קייט און ווען עס איז נאָר נויטיג קען ער אַליין אפילו דעם טע־פּיל אָבקאָכען: "ויזד יעקב נזיד" ... דער זעלבער "בטלן"

פארשטעהט אפילו געשעפט אויך און מאכט טאקע געשעפט מיט זיין אייגענעם ברודער ווי אן אמת'ער ערפארענער סוחר. ווייסט אוים צו נוצען דעם מאמענט ווען זיין "קונה" וועט זיין ברייט צו צאהלען דעם גרעסטען פרייז פאר א דארפישען טאפ לינזען און קריגט ביי איהם ארוים די בכורה...

יעקב אליין אבער ווייסט ניט אבצושאצען זיינע פעהיגקייטען אויף די דאזיגע וועלטליכע געביטען. ביי איהם זיינען דיעזע זאכען אויך ניט מעהר ווי א חלק פון זיינע קדושה איינגעשאפטען. אבקאכען א געקעכץ פאר א "סעודת הבראה", צו אן אבל איז דאך נאך אלעמען ניט מעהר ווי מאכען למשל א "פרעזשניצע" פאר א סעודת ראש-חודש, וואס א קלויזניק פון חסידים-שטיבעל קען דאס אויך. קויפען א בכורה איז דאך דאס זעלבע ווי קויפען למשל "מפטיר" אין שוהל, וואס יעדערער פון די "עשרה בטלנים" קען דאס מסחר'ן. ער בלייבט דעריבער ביי זיין איבערצייגונג, אז ער איז אין אמת'ן טאקע ניט מעהר ווי דער "תם יושב אהלים" און פרובירט גאר ניט צו עקספערע-מינטירען אויף אנדערע ריין וועלטליכע געביטען. קיין צבוע'אק קען ער ניט זיין. ער איז א "תם", "ברו כתוכו" און נאכמאכען עשו'ס צבוע'אטסטווע שטיק, דאס קען ער ניט.

און ווייל עשו קען עס אבער יא, איז טאקע קיין הדוש ניט פאר וואס איהם, עשו'ן, געלינגט עס צו געווינען יצחק'ן אויף זיין זייט. יצחק'ס שטעלונג אין לעבען איז אזא וואס איז אין פאלשטענדיגער הארמאניע מיט עשו'ס דרכים לויט ווי ער, יצחק, האט זיי אנערקענט פאר אמת'ע און ניט געפעלשטע.

יצחק שטעהט אויף'ן שטאנדפונקט, אז מען טאר ניט זיין צו עקסטרעם, ניט פליהען צופיעל אין הימעל און ניט זינקען צו טיעף אין דר'ערד. מען דארף שלום מאכען צווישען

גוף און נשמה, צווישען חומר און רוח, צווישען קודש און חול און צווישען דעם "קול יעקב" מיט די "ידי עשו"...

באקענענדיג זיך אביסעל מעהר מיט יצחק׳ס לעבענס סיסטעם, ווערט עס פאר אונז באלד קלאהר.

אלס יורש פון אברהם׳ן ווען גאט האט פאר־שפראכען אוועקגעבען ארץ ישראל איז יצחק, גלייך נאכ׳ן פאטער׳ס טויט, צוגעטראטען צו די ערווערבונג פון די דאזיגע ירושה. ווייסט ער אבער, אז אום צו ערגרייכען דעם דאזיגען ציעל איז ניט גענוג צו בלייבען פאסיוו אויף דעם חשבון פון דיעזע געטליכע דעקלעראציע, נאר עס איז אויך נויטיג צו נעהמען אן אקטיווע שטעלונג און לייסטען פראקטישע און פיזישע ארבייט צו דער זאך.

די פרשה פון היינטיגער וואך גיט דעם ריכטיגען אויסדרוק צו דיעזען אידעען גאנג און דיענט גלייכצייטיג אלס קלאהרע לעקציע פאר די פרשה פון לעבען אין אונזער איצטי־גער עפאכע, ווען מיר שטעהען אויך אויף׳ן שוועל פון אונזער ירושה ערגאבערונג.

גלייך ווי גאט זאגט צו יצחק׳ן: "גור בארץ הזאת ואהיה עמך ואברכך כי לך ולזרעך אתן את כל הארצות האלה והקמותי את השבועה אשר נשבעתי לאברהם אביך", ווערטער וועלכע לאזען דוכט זיך ניט איבער אונטער זיך דעם מינדעס־טען צווייפעל וועגען דער פארווירקליכונג פון דער הבטחה, און דאך ווען יצחק נעהמט מיט פארגעניגען אן די דאזיגע דעק־לעראציע, באנוגענט ער זיך ניט בלויז מיט דער הימלישער זייט פון איהר נאר נעהמט זיך גלייך צו די פראקטישע און אירדישע זייט.

"ויזרע יצחק בארץ ההיא"!

יצחק פארשטעהט, אז דער געזונטסטער יסוד פאר א נאציאנאלע היימלאנד איז — אגריקולטור. קאלאניזאציע

איז דער פונדאמענט, דער יסוד היסודות פאר א געזיכערטע היים און ווארפט זיך דעריבער אריין מיט זיין ענערגיע צו בע־ארבייטען דעם באדען. ער שרעקט זיך ניט אפ פאר די שווערע באדינגונגען. פון איין זייט איז: "בארץ ההיא", א שווערער באדען, זומפיג, שטיינערדיג און פארוויסט; פון צווייטען זייט איז: "בשנה ההיא", א שווערער יאהר, א קריזיס יאהר; א מאנגעל אין פינאנציעלע מיטלען — דאס אלץ שרעקט איהם ווינציג אפ, ווייל ער ווייסט, אז וואו ס'איז נאר פאראן אמת'ער רצון און אפפער־וויליגקייט, דארט איז אויך פאראן דער — "ויברכהו ה׳"...

יצחק די "עולה תמימה", וואס איז "כולו קדש", ווייסט אלזא אויך דעם סוד פון וואכעדיגע ערד ארבייט און דער רעזולטאט איז אז: "ויגדל האיש וילך הלך וגדול עד כי גדל מאד" — ויהי לו מקנה צאן ומקנה בקר ועבדה רבה". ער ערווערבט זיך א לעבעדיגען און טויטען אינווענטאר און מאכט גוואלדיגען פראגרעס, נעהמט איין, איין פאזיציאן נאך די אנ־דערע און די נאציאנאלע היים הויבט אן צו ווערען א ווירקליכ־קייט און רעאליטעט.

אמת, דער וועג איז נאך ניט אויסגעבעט מיט בלומען, ער באגעגענט נאך שווערע שטיינער, וואס פערהאלטען און מאכען זעהר שווער די ארבייט. סוף סוף איז ער דאך נאך דער־ווייל ניט מעהר ווי א מ׳נאריטעט אין לאנד, ס'איז דאך נאך פארלויפיג ניט קיין ארץ ישראל נאר אן ארץ פלשתים, די פלשתים, בילדען נאך דערווייל די מאיאריטעט און ס'איז דערי־בער קיין וואונדער ניט אויב די לעצטע שמעקט ניט אזוי שטארק דער אידישער "בית לאומי", און עס ווערט מיט אמאהל אנטפלעקט דער: "ויקנאו בו פלשתים", א קנאה, וועלכע דריקט זיך אויס אין גוואלד טהאטען, אין ווילדע מעשים תעתועים, וואס ברייננט רואין אין יצחק'ס ארבייט:

"וכל הבארות אשר חפרו עבדי אביו בימי אברהם אביו סתמום פלשתים וימלאום עפר". יצחק גראבט און בויעט און זיי, די פלשתים, פארשיטען און מאכען חורבנות.

די געגנערשאפט מצד די דאזיגע ווילדע שכנים רופט זיך אויך אב שלעכט אויף דער פאליטישער לאגע און באלד נאכדעם, קומט א קעניגליכע פארארדנונג:

"לך מעמנו כי עצמת ממנו מאד". נאטירליך איז דער אורעלטער אבימלך נאך ניט אזוי פאליטיש געשיקט ווי אונזערע היינטיגע מאדערנע דיפלאמאטען. דער היינטיגער פאליטישער לשון איז מעהר געשניצט און געטאקט ווי יענער אוראלטער. היינט צום ביישפיעל, אז מען וויל משלח זיין א הויך אנגעשטעלטען פון זיין אמט, הייסט מען איהם ניט געהן נאר ס'ווערט געטהאן אין אזא וועג, אז ער אליין זאל ארייג־שיקען א רעזיגנאציע... היינט, אז מען וויל, למשל, ניט האבען קיין אידישע מעהרהייט אין ארץ ישראל, טרייבט מען זיי חלילה ניט ארוים, נאר מען מאכט, אז זיי זאלען ניט קענען אריין... מען פארגלעט עס כלומר'שט מיט א געשליפענער דיפלאמאטען שפראך, וואס דריקט זיך אויס אין פארם פון "צייטווייליגער אימיגראציע באשרענקונג". אבימלך איז געווען מעהר אפענהערציג, מעהר איינפאך אהן פאליטישע קונצען און דיפלאמאטישע חכמות. אז ער האט ניט געוואלט יצחק'ן האבען אין זיין ארץ פלשתים האט ער איהם אבגעזאגט דעם פסוק אויף א גאנץ פשוט'ן אופן:

לך מעמנו! געה אוועק פון אונז, מיר ווילען דיך ניט האבען און טהו אונז עפעס...

יצחק ויערט אבער ניט היסטעריש ווען ער זעהט, אז פאליטיש איז עס אביסעל מכולה'דיג. וואס געהט איהם אן פאליטיק וואס באשטעהט אויף פרעמדע טובות, דער עיקר איז ארבייט, וואס באשטעהט אויף אייגענעם ווילען.

ביי זיין טאַטען אין הויז האָט ער געזעהן אַ סך טיה־רען... יצחק לערנט דערפון, אַז אַ סך טיהרען קומען צוניץ, כדי אין פאַל, אַז מען וואַרפט דיר אַרויס פון איין טיהר זאָלסטו שכל האָבען אַריין פון דער צווייטער... און דערפאַר, אַז אבימלך איז איהם משלח פון ג ר ר לאָזט ער זיך טאַקע אַוועק־געהן, אָבער ער געהט אַריין פון אַנאַנדער טיהר... איז עס ניט גרר, זאָל עס זיין "נחל גרר". און —

"וילך משם יצחק ויחן בנחל גרר וישב שם".

און דאָרט אין נחל גרר:

"וישב יצחק ויחפור את בארות המים אשר חפרו בימי אברהם אביו ויסתמום פלשתים".

יצחק גראָבט ווייטער, בויעט ווידער, נאָכאַמאָהל "ויזרע" און ווידער אַמאָהל "וימצא"...

נאַטירליך איז ער שטאַרק פאַרזיכטיג און ווען פון איין זייט מוז ער זיך אונטערגעבען און זיך בויגען נאָכ'ן פאָלי־טישען ווינט, זוכט ער אָבער פון אַנדערען זייט צו מאַכען ער־קלעהרונגען, אַז ער זאָגט זיך לחלוטין ניט אָפּ פון זיינע געזעצ־ליכע און גערעכטע זכיות, וואָס ער האָט אויף'ן לאַנד אַלס אַ היסטאָרישע ירושה פון זיין טאַטען אברהם. דיעזעס דעמאָנ־סטרירט ער דערמיט, וואָס ער רופט זיינע נייע ברונעם'ס אָן מיט די זעלבע נעמען, וואָס זיי זיינען גערופען געוואָרען אין אברהם'ס צייטען: "ויקרא להן שמות כשמות אשר קרא להן אביו".

אין מאַנכע פעלע רופט ער די "בארות" מיט אַזעלכע נעמען, וואָס באַצייכענען די שוועריגקייטען, וואָס ער האָט אָנגעטראָפען ביי זייער אויפבויאונגס אַרבייט. אָט רופט ער אַ ברונען מיט'ן נאָמען "עשק" — "כי התעשקו עמו", מ'האָט זיך מיט איהם שווער גע'עסק'ט אַרום דעם דאָזיגען ברונען. אַ צווייטען מיט'ן נאָמען "שטנה" אָנצוצייכענען די פיינדשאַפט,

וואָס מ׳האָט איהם דערביי אַרויסגעוויזען, ווי צו זאָגען: זאָלען מיינע קינדער אין די שפּעטערדיגע דורות וויסען, אַז עס קומט ניט אָן גרינג דער אויפבוי פון די אידישע היימלאַנד. יעדער אינטש ערד איז פאַרלאָפען מיט בלוט, יעדער שורה שטיינער מיט יסורים, רדיפות און ראַסען האַס. דאָך דאַרף מען זיך ניט אָבשרעקען, מען דאַרף פאָרטזעצען די בוי אַרבייט מיט דער האָפענונג, אַז סוף סוף וועט דער נצחון זיין אויף אונזער זייט. פריהער טאַקע אַ "עשק" און אַ "שטנה" דערנאָך אָבער אַ "רחובות" — "כי עתה הרחיב ה׳ לנו ופרינו בארץ"...

אין דער זעלבער צייט אָבער, וואָס יצחק לאָזט זיך אַרונטער צו דער ערד, הויבט ער זיך אויך אויף צום הימעל. אין סאַמע אַרבייט פון בנין פאַרגעסט ער אויך ניט צו בויען דעם געטליכען מזבח:

"ויבן שם מזבח ויקרא בשם ה׳"... דאָס הייסט ביי יצחק׳ן אַ פאָלקאָמער בנין. קאָלאָניעס פון איין זייט און קולטור צענטערען פון צווייטען זייט...

אַ דאַנק׳ס יצחק׳ס אייגענע איניציאַטיווע, ווערט שוין דערנאָך די פּאָליטישע לאַגע ממילא אויסגעבעסערט און אַנשטאָט דעם "לך מעמנו" ערשיינט שוין פאַר איהם אַ דעלע־גאַציע פון דיפּלאָמאַטען ווי פיכול שר הצבא און אַנדערע, אָנ־געפיהרט פון אבימלך׳ן אַליין, און יעצט זאָגט מען שוין צו איהם: "ראו ראינו כי היה ה׳ עמך ונאמר תהי נא אלה בינותנו ונכרתה ברית עמך". אַזוי איז עס, וואָס שטאַרקער מ׳ווערט אינעווייניג אַלץ שטאַרקער ווערט מען פון דרויסען...

און האָבען מיר נאָר קענען געלערנט יצחק׳ס "פּאָ־ליסי", אַז זי באַשטעהט פון גוף מיט נשמה צוזאַמען, איז שוין גאַנץ קלאָהר פאַר וואָס ער האָט מעהר סימפּאַטיזירט מיט עשו׳ן ווען ער האָט באַטראַכט פאַר זיין אמת׳ן יורש, לויט

זיין טעות אין איהם, ווי מיט יעקב׳ן אין ווענען ער האָט נאָר געפונען אַ הימעל מענש . . .

רבקה׳ס לעקציע צו יעקב׳ן ענדערט איהם אָבער און ווייל דיעזע לעקציע ווערט שטאַרק רעפּליקטירט אין יעקב׳ס חלום פון דער נעקסטער סדרה, לאָזען מיר דעריבער אויך די לעקציע איבער פאַר דער קומענדער פּרשה.



# ויצא

## צואת רבקה וחלום יעקב

**.... סלם מצב ארצה וראשו מגיע השמימה (כח — יב)**

חלומות זיינען אין מעהרסטע פעלע א רעזולטאט פון דעם מענשענ׳ס מהשבות. ער טראכט בייטאג און חלומ׳ט דער־פון ביינאכט. דער חלום איז דער שפיגעל פון זיין הארץ. דעם שליסעל צום פתרון החלום דארף מען דערפאר זוכען ניט אין חלום אליין נאר אין דעם ״ערב חלום״. מען דארף זיך באקענען מיט די אומשטענדען פון דער באטרעפענדער פערזאן און מיט זיין אידעען גאנג אין יענע טעג איידער ער האט אנגעפאנגען צו חלומ׳ען.

יעקב׳ס חלום איז אין דיעזען פאל ניט קיין אויס־נאהם. זיין שלאף וויגעלע איז אויסגעוויגט געווארען פון זיין מאמע רבקה. עס איז איהר, רבקה׳ס, שלאף־ליעד, וועמעס טע־נער האבען געקראגען דעם אבקלאנג אין יעקב׳ס חלום.

אין לעצטען קאפיטעל האבען מיר בעהאנדעלט יצחק׳ס שטעלונג צו עשו׳ן אלס א רעזולטאט פון זיינע איי־גענע השקפות און אנשויאונגען וועלכע ער האט, לויט זיין מיספארשטיין עשו׳ן, געוואלט געפינען די זעלבע אנשויאונגען אויך ביי עשו׳ן ניט האבענדיג דעם מינדעסטען פארדאכט, אז עשו שפילט דא א פאלשע ראלע. יצחק נאטירליך איז דערין ניט שולדיג געווען. קומענדיג פון אזא הויז וואו דער טאטע איז אברהם און די מאמע שרה האט ער כלל ניט געקענט האבען קיין אהנונג פון דאס וואס מען רופט פאלשקייט, צביעות,

היפּאָקריסטווע א. ד. ג. ער איז געווען אַן עולה תמימה ניט נאָר אין דער צייט ווען ער איז געלעגען אויף דער עקדה נאָר אויך פריהער און אויך שפּעטער און מיט דער זעלבער מאָס-שנור פון זיינע אייגענע תמימות האָט ער אויך געוואָלט מעס-טען עשו׳ן.

אַנדערש איז אָבער געווען דער פּאַל מיט רבקה׳ן. זי, רבקה, קומענדיג אַליין פון אַ הויז פון אַ לבן הארמי מיט אַ בתואל וואו זי האָט זיך היבש אָנגעזעהן רמאות און פאַלשקייט, איז זי שוין אויף די דאָזיגע זאַכען אַ היבשער מבין געווען, און ס׳איז איהר דעריבער גאָר ניט שווער געווען אויסצוגעפינען שנעל, אַז איהר עשו׳קע גערעהט אַריין שטאַרק אין איהר ברו-דער, דער רמאי און איז אַן אָרגינעלער יורש פון דער דאָזיגער כאַלאַסטריע, וועהרענד אין יעקב׳ן, האָט זי ענטדעקט ניט בלויז אמת׳ע תמימות נאָר אויך היבשע פעהיגקייטען און די נויטיגע קוואַליפיקאַציעס, וואָס מען דאַרף האָבען אין וועלט-ליכע זאַכען אויסערהאַלב די פיער איילען פון זיין בית המדרש.

זי האָט געוואוסט און געפיהלט, אַז יעקב וואָלט זיך געהעריג געקענט אויסנוצען מיט זיינע פעהיגקייטען צו ער-רייכען דורך זיי דעם געווינשטען ציעל פאַר זיין און זיינע קינ-דער׳ס, צוקונפט. דער חסרון איז נאָר וואָס ער, יעקב אַליין, שפּירט עס ניט. ער גלויבט ניט אין זיינע אייגענע כחות און באַטראַכט זיך פאַר גאָר אַ בטלן און אַ טויגעניכץ.

זעהענדיג אָבער, אַז יעקב׳ס טעות איז זיך אַליין שטעלט אין סכנה זיין גאַנצע קאַריערע. עשו וועט זיך דער-מיט ריכטיג אויסנוצען און אויסנאַרען פאַר זיך יצחק׳ס ברכה, האָט זי דעריבער מיט אַ וואַכזאַמע אויג געהיט און אויך פאַר-היט, אַז עס זאָל דערצו ניט קומען. זי רופט יעקב׳ן און גיט איהם איבער דעם סוד און ציהט גלייכצייטיג זיין אויפמער-קזאַמקייט צום פאַקט, אַז ער איז גענאַרט אין זיך אַליין און

ביי די ערשטע עקספערימענטען וועט ער זיך גלייך איבער-
ציינגען אין דעם.

"לך נא אל הצאן" — איז איהר שטאָלצער, האַלב באַפוילענדער און האַלב אַפּעלירענדער רוף. "געה יעקב צו די שאָף" ! ניט גענוג פאַר דיר דיין באַגרעניצונג אין ישיבה און בית המדרש, דאַרפסט אויך געבען אויסדרוק צו דיינע פעהיג-קייטען און טאַלאַנט אויף די געביטען פון פעלד און שאָף. יעקב דער תלמוד'יסט דאַרף אויך זיין פעהיג צו ערד-אַרבייט, ער דאַרף זיין ניט בלויז אַ קולטוריסט נאָר אויך אַן אַגרי-קולטוריסט... געה צו די שאָף און איבערצייג דיין פאַ-טער, אַז ער זאָל אין דיר דערקענען זיין אמת'ן יורש און ער וועט דיר מיט פאַרגעניגען געבען זיין ברכה.

"געדענק יעקב, טענה'ט רבקה ווייטער, אַז כל זמן דו געהסט ניט צו די שאָף און באַזירסט ניט דיין צוקונפט אויף קאָלאָניזאַציאָן, כל זמן דו וועסט ניט האָבען קיין פעסטען געזי-כערטען באָדען אונטער דיינע פיס, וועסטו שטענדיג זיין אַ נע ונד'ניק, דיין לעבענס געשיכטע וועט זיין אַ לאַנגע פרשה פון וואַנדערונג און עמיגראַציע, דו וועסט אימער לערנען ענט-ווע דער "ויצא יעקב" אָדער "ויברח יעקב", אַמאָהל אַנטלויפען פון עשו'ס רדיפות אין געשטאַלט פון פאָגראָמען און ווען דו וועסט דאָן זוכען רעטונג און פּראָטעקציע אין "פעטער לבן'ס" הויז וועסטו אויך דאָרטען פאַרפאָלגט ווערען אויב ניט דורך קיין עשו-שווערד וועט עס זיין אין אַ פאָרם פון בויקאָטען, הויכע צינזען און אַנדערע עקאָנאָמישע פאַרפאָלגונגען, וועלכע וועלען דיר דערשטיקען און וועסט צוזאַמענברעכען. שטענדיג וועסטו הערען די פאַלשע בלבולים אַז: "לקח יעקב את כל אשר לאבינו ומאשר לאבינו עשה את כל הכבוד הזה". יעקב ווערט רק רייך אויף'ן חשבון פון לבנ'ען... און וועסטו אפילו אויסוואַנדערען אין אַזעלכע פלעצער וואו דו וועסט עקאָנאָמיש אויך ניט פאַרפאָלגט ווערען, און וועסט זאָגאָר פאָליטיש אויך

זיין פריוויליגירט, וועסטו אָבער גייסטיג אונטערגעהן דורך די מכה אסימילאַציע. דו וועסט שטענדיג הערען און אויך זעהן דעם: "הבנות בנותי והבנים בני"... און דערפאַר, יעקב, ענדיגט רבקה — דערפאַר איז מיין עצה: "לך נא אל הצאן" און דו וועסט קענען נעהמען דיין טאַטענ'ס ברכה. ווערען אַ בעל הבית פאַר זיך און אויסמיידען די אַלע גלות איבלען".

יעקב אָבער, ניט גלויבענדיג אין זיך אַליין, פּרובירט איבערצייגען זיין מאַמען, אַז ער איז ווירקליך ניט פעהיג און ניט מסוגל צו די שאָף און צו ערד אַרבייט און אַנדערע פון דיעזען סאָרט וואָס געהען ניט אַריין אין גרעניץ פון זיין קולטור-רעלען פעלד. ער טענה'ט: "עשו אחי איש שעיר ואנכי איש חלק", סוף סוף האָט ער ניט עשו'ס "ידים", גראָבע פאַרהאַר-טעוועטע פאַרמער הענט. מיינע הענט, זאָגט ער, זיינען צאַרטע, עדעלע און קענען בלויז בלעטערען די גמרא אָדער שרייבען חדושי תורה. נאַטירליך, איז עס נישט קיין קונץ זיך צו באַנוצען מיט עשו'ס טריקס. איך קען אויך אָנטהאָן אַ מאַסקע אין גע-שטאַלט פון ציגענע פעלכלאַך און אַזוי אַרום אָבנאַרען דעם טאַ-טען, ער זאָל מיינען, אַז איך בין טאַקע אַ רעגולאַר פאַרמער. אין דעם איז נאָך גרינגער איהם אָבנאַרען ווי אין עשו'ס פאַל, ווייל אויף תורה מיט צדקות איז ער דאָך סוף סוף מעהר מבין ווי אויף פאַרמעריי און אויב עשו'ן האָט זיך איינגעגעבען איהם אָב-צונאַרען אין צדקות וועט זיך דאָך מיר געווים איינגעבען אָב-צונאַרען אין פאַרמעריי, אָבער ערשטענס איז דאָך די נאַרעריי אין גאַנצען געגען מיין נאַטור. איך בין דאָך אַ "איש חלק", אַ גלאַטער מענשעל, אָהן רמאות און אָהן טריקס, און צווייטענס, ווען אפילו איך זאָל שוין פועל'ן ביי זיך אָנצוגעהן מיט אַזאַ סאָרט עשו-מעטאָדע און וועל שוין ווי עס איז אַרום קריגען פון איהם די ברכה, זעה איך אויך דערפון קיין נוצען ניט. ס'איז דאָך ניט דער עיקר, וואָס ער ג י ט מיר די ברכה, איך דאַרף דאָך איהר אויך קענען נ ע ה מ ע ן און — "והבאתי ע ל י קללה ולא ברכה", ניט קענענדיג מאַכען, אוים מאַנגעל אין

פעהיגקייטען, דעם געהעריגען נוץ פון איהר, וועל איך אליין דאך איהר פערוואנדלען פון א ברכה אין א קללה !...

אזוי טענה'ט ער, יעקב, זיך גאנץ ערנסט אוים, אבער רבקה אליין נעהמט זיינע ווערטער גאר ניט ערנסט. איהר קימערט זעהר ווייניג יעקב'ס מורא טאמער וועט ער אליין עס מאכען פאר א קללה, און דערויף ענטפערט זי איהם פעסט און זיכער: "עלי קללתך בני", אלעס וואס איך האב מורא איז, פאר עשו'ס ברכה, אבער ניט פאר דיין קללה, דיין קללה נעהם איך אויף זיך, און קום וועט זיך דיר נאר איינגעבען ארויסקריגען ביים טאטען די ברכה, בין איך זיכער אז ביי דיר וועט זי שוין קיין קללה ניט ווערען. איך קען דיר בעסער ווי דו אליין קענסט זיך און וויים, אז קום וועסטו נאר צוטרעטען צו די ערד ארבייט וועסטו זיין דערצו ניט ווייניגער פעהיג ווי די עשו'ס".

רבקה'ס לעקציע האט קענטיג געשלאגען ווארצלען אין יעקב'ס נשמה, און ער האט ענדליך אנגענומען איהר פראפאזיציאן. ער האט זיך אנגעטהאן אין עשו'ס לבוש און באשלאסען איינצושפאנען אין דער ארבייט אויך זיינע "הענט" און מאכען דעם געהעריגען געברויך אויך פון זיינע פיזישע פעהיגקייטען אקוראד ווי פון זיינע גייסטיגע.

און דאן ווען ער ערשיינט שוין פאר יצחק'ן אין זיין נייע ראלע, און ער, יצחק, זעהט שוין, אז זיין אמת'ער יעקב איז ענדליך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז צום "קול יעקב" איז אויך נויטיג די "ידי-עשו", ער פארקערפערט שוין אין זיך תורה מיט סחורה צוזאמען. ער "טאפט" איהם אן און געפינט אין איהם דאס צו וועלכעס ער, יצחק, האט אימער געשטרעבט, געפינט ער גלייך אין איהם אוים זיין אמת'ען יורש און מיט באגייסטערונג גראטולירט ער איהם צו זיין "שלמות", "אה ! זאגט ער, אט דאס איז דאך וואס איך וויל: "הקול קול יעקב

והידים ידי עשו", בראווא יעקב! איצט קען איך דיר, אין אנקלאנג דערמיט, געבען מיין טאפעלע ברכה:

"ויתן לך האלקים מטל השמים ומשמני הארץ"!

צו דיין "קול יעקב" גיב איך דיר דעם "מטל השמים", די ברכה אין באצוג צו הימלישקייט און צו די "ידי עשו" גיב איך דיר דעם "משמני ארץ" און מיט דיביידע זאכען צוזאמען, מיט'ן גוף און מיט דער נשמה, מיט די גייסטיגע און פיזישע פעהיגקייטען וועסטו קענען מאכען דעם אמת'ען ערפאלג, וועל־כער וועט דיר פיהרען צו דיין ענד ציעל: "יעבדוך עמים וישתחוו לך לאומים", די וועלט וועט דיר אנערקענען אלס א פאלק אין דער פעלקער משפחה, א נאציאן צווישען נאציאנען. מען וועט זיך ניט רעכענען מעהר מיט דיר ווי בלויז מיט א רעליגעזע סעקטע. מען וועט דיר רעספעקטירען און בויגען פאר דיר דעם קאפ מיט'ן גרעסטען יראת הכבוד".

און דאן ווען עשו ערשיינט דערנאך פאר יצחק'ן און מאכט איינווענדונגען געגען יעקב'ס אבגעטהאנענעם שפיצעל... איז שוין אומזיסט זיין מיהע. יצחק'ן איז שוין אלעס קלאהר. ער ווייסט שוין ווער איז ווער... און אט דאס וואס ער ווייסט ברייננגט ער שוין אויף א פארטרעפליכען אופן צום אויסדרוק אין די צווייטע ברכה, וואס ער גיט עשו'ן נאכדעם ווי ער, עשו, האט זיך אזוי צו ליארעמט. ער זאגט איהם:

"הנה משמני הארץ יהיה מושבך ומטל השמים מעל", דיר עשו — זאגט יצחק — קען איך ניט געבען די זעלבע ברכה, וואס כ'האב געגעבען יעקב'ן. ביי איהם האב איך פריי־הער געזאגט מטל השמים און נאכהער משמני ארץ, ווייל ביי איהם אליין, ביי יעקב'ן, שטעהט דער מטל השמים אין פראנט, די הימלישקייט דאס איז ביי איהם דער עיקר און פארנעהמט דעם אויבענאן. דיר אבער זאג איך פריהער דעם משמני ארץ ווייל ביי דיר איז די "ארציות", דאס אירדישע, די הויפט זאך.

דו ביסט ווייט פון הימלישע זאכען און האסט דערמיט קיין שייכות ניט. די, עשו, דארפסט דעם טל שמים בלויז צוליעב'ן משמני ארץ, ווייל די ערד נויטיגט זיך אין טהוי און אין רעגען, אבער ביי יעקב'ן איז פינקט פארקערט, ער דארף דעם משמני ארץ צוליעב דעם מטל השמים, כדי ער זאל קענען טהאן זיין הימלישע מיסיאן אונגעשטערט"....

* * *

פון דאן אן, פארשטעהט זיך, איז אין יעקב'ס נשמה פעראורזאכט געווארען א גייסטיגע רעוואלוציע. ער האט זיך אנגעהויבען ארומטראגען מיט נייע געדאנקען. רבקה'ס לעהרע פאנגט אן א נייעם קאפיטעל אין זיין לעבענס געשיכטע און ניט אזוי גיך געוואוינט מען זיך צו צו דעם.

ער חלומ'ט שוין איצטער וועגען א טאפעלע אויפ־גאבע, וועגען א קאמבינאציע פון הימעל מיט ערד, ער זעהט שוין פאר זיך אן ארץ ישראל, וואס פון איין זייט איז עס א "סולם מוצב ארצה" און פון דער צווייטער זייט א "וראשו מגיע השמימה", א "ירושלים של מטה" און א "ירושלים של מעלה". עס איז אביסעל שווערליך זיך צו געוואוינען צום גע־דאנק, אז יעקב'ס האפענונגען אויף א אידישע ארץ ישראל זאלען טהיילוויז אויך זיין פארבונדען מיט אייגענע אינצי־אטיווע. דער פרומער יעקב האט אימער געלעבט אונטער'ן איינ־דרוק, אז אלעס וואס אנבעלאנגט דער אידישער גאולה דארף אין גאנצען איבערגעלאזען ווערען צו משיח'ן אליין. "משיח דארף קומען" — איז אימער געווען זיין לאזונג, און איצט קומט עס גאר אויס, אז "מ'דארף ברייגגען משיח'ן"... שווער, ווי געזאגט, פאר א פרומען אידען זיך צו געוואוינען צו אזא געדאנק, און דערפאר איז אין אנפאנג ביי יעקב'ן די דאזיגע אידעאלאגיע ניט מעהר ווי בגדר חלום... ער בלייבט אבער שלאפען, פאסיוו. "וישכב במקום ההוא"...

די מלאכים אָבער, וועלכע זיינען געווען די "עולים — ויורדים" פון יעקב'ס לייטער, זיינען עס געווען די געטליכע "מלאכי חלומות", וועלכע האָבען געדאַרפט דערמאָהנען יעקב'ן אין זיין מוטער רבקה'ס צוואה און דערפאַר, אַז זיי האָבען איהם געפונען פאַסיוו, שלאָפענדיג, דערצעהלען אונזערע חכמים, האָבען זיי איהם געוואָלט אַטאַקירען: "מצאו אותו כשהוא ישן מיד רצו לפגוע בו", ווי הייסט יעקב זאָל שלאָ־פען ?... "מיד — ויקץ יעקב". יעקב ערוואַכט שוין. ער דער־מאָהנט זיך שוין ריכטיג אין זיין מאַמע'ס רייד פון "לך נא אל הצאן" און פאַרשטעהט דערפון, אַז מען דאַרף אַליין עפּעס טהאָן, אַז צום ירושלים של מעלה דאַרף מען אויך אַ ירושלים של מטה און מיט אַ טאָן פון ווידוי רופט ער אויס: "אכן יש אלקים במקום הזה—ואנכי לא ידעתי". אַז די גאַטהייט שפּיעלט די הויפּט ראָלע, דאָס האָב איך שטענדיג געוואוסט אָבער — "ו א נ כ י", אַז דער אייגענער א י ך האָט עפּעס אויך אַ באַדייטונג — "לא ידעתי", דאָס האָב איך גאָר ניט געוואוסט "אלו ידעתי לא ישנתי", וואָלט איך עס געוואוסט וואָלט איך שוין ניט געשלאָפען... (די לעצטע אויסטייטשונג האָב איך ערגעץ געזעהן אין אַ ספר, איך געדענק ניט וואו).

יאָ, רבקה'ס צוואה מיט יעקב'ס חלום האָבען אַ גרויסע שייכות איינע צו די אַנדערע.

"ויצא" איז אַ פּראָדוקט פון "תולדות"...

**

# ויצא

## למצב הרבנות באמריקה

**מגיד שיציאת צדיק מן המקום**
**עושה רושם שבזמן שהצדיק בעיר**
**הוא הודה הוא זיוה הוא הדרה, יצא**
**משם פנה זיוה פנה הודה פנה הדרה**
**(רש"י)**

אויבענאויף קוקט עס אוים אז אין אמעריקא איז דער מצב הרבנות בעסער ווי אין אנדערע לענדער; איז עס דאך אמעריקא וועלכע האט פראדוצירט די "שוהל רבנות". אין דער אלטער היים האט מען בלויז געוואוסט פון א שטאדט-רב אבער ניט פון קיין שוהל-רב, דא אין דער נייער היים איז די שוהל מיט'ן רב געווארען שמות-נרדפים און יעדער שוהל גרוים אדער קליין האט זיך איהר אייגענעם רב.

צייגט עס דאך, ווי געזאגט, א מין הרמת קרן התורה וואס גיט קרעדיט צום אמעריקאנער אידענטהום. און באטראכטענדיג דיעזען מצב, ווערט טיילווייז קלעהרער פארשטאנען די "צלותיה דרב" וואס מיר זאגען פאר ר"ח בענטשען, וואו אויסער דער "חיים שיש בהם יראת שמים" איז אויך דא דער "חיים שיש בהם אהבת תורה וי"ש" און לכאורה זעהט עס אוים ווי איבעריג, בלויז א ווידערהאלונג פון דאס ערשטע?

אמעריקא האט עס אבער פארענטפערט. דא האבען מיר אנגעהויבען פארשטעהן אז דיביידע "חיים'ס" זיינען גאר צוויי באזונדערע זאכען אזוי אז ס'איז גאנץ מעגליך אז

דער ערשטער חיים זאל זיך זיין אביסעל טעמפיג און דאך זאל דער צווייטער חיים פונקציאנירען מיט זיין פולער קראפט.

אמעריקא — האבען מיר געזאגט — איז טאקע ניט די לאנד פון "חיים שיש בהם יראת שמים" אזוי ווי אין דער אלטער היים, דערפאר איז זי אבער די לאנד פון "חיים שיש בהם א ה ב ת תורה וי"ש" בעסער ווי אין דער אלטער היים, והראיה, זי באנוגענט זיך דאך ניט מיט קיין שטאדט רבנים נאר האט די רבנות אריינגעבראכט אין יעדער איינציגער שוהל, מסתם האט מען דאך די תורה אזוי שטארק ל י ע ב.

באטראכטען מיר אבער די לאגע פון איהר אינער-ליכער זייט, זעהען מיר דאן אז דער חשבון איז א פאלשער און עס ווילט זיך דארויף אנמעסטען דעם באקאנטען תלמוד'-ישען "יתר כנטול דמי" לויט וועלכען עס קומט אוים אז ניט אלע מאהל איז דער איבערפלום א מעלה, א מאהל איז עס גאר א חסרון, דער "יתר" איז גאר "כנטול"...

אט דאס צייגט זיך ארוים היבש בולט ביי דער היעגער שוהל. אין "כמות" איז עס טאקע "יתר" (אמעריקא האט פיעל מעהר שוהלען, קלייזלאך און שטיבלאך ווי אין דער אלטער היים). אין "איכות" אבער — "כנטול"... אין מעהרערע פעלע איז עס מעהר צערמאניאל, אויפגעבלאזע-נער גלאנץ, געשאפען מיט'ן צוועק צו זיין "מיט לייטען גלייך" און אגב אויך צו קענען איינטהיילען די נויטיגע מאס כבודים צו די כבוד-זוכער, פרעזידענטשאפט, גבאות א. ד. ג.

די שוהל רבנות ווידער, איז דא א מין לוקסוס, און אין א צייט פון "פראספעריטי" ווען עס איז גראס אין קעשענע, דאן, מהיכי תיתי, לאמיר האבען א רב אויך, קומט אבער א קריזים און די צייט ווערט ניט אזוי אמבעסטען, מ'דארף מאכען עקאנאמיע, פאנגט זיך טאקע די דאזיגע עקאנאמיע גלייך אן מיט'ן רב, דער רב איז דער ערשטער אויפ'ן פייער...

איז עס ווי די באַקאַנטע אויסטייטשונג פון דעם "אני ראשון ואני אחרון" אַז כביכול איז דער ערשטער באַזייטיגט צו ווערן אין אַ צייט פון קריזיס און דער לעצטער אויפ־גענומען ווערן אין אַ צייט פון שפע; ווען אַלץ איז שוין דאָ, אַ חזן, אַ כאָהר, אַ באַצאָהלטער "מאַרטגיידזש" און ס'בלייבט נאָך "שירים" אין דער קאַסע, נעהמט מען אויף אַ רב אויך . . .

אין די לעצטע צוויי־דריי יאָהר פון איצטיגען קריזיס האָט זיך די פּראַקטיק שטאַרק אַרויס געוויזען. צעהנד־ליגער און הונדערטער שוהלען אין לאַנד האָבען ענטוועדער אין גאַנצען ענטלאַסען די רבנים פון זייערע שטעלעס, אָדער אין בעסטען פאַל רעדוצירט זייער געהאַלט ביז אַ מינימום און אַט דער מינימום ווערט אויך ניט געצאָהלט, עס איז אין דער בחינה פון "מל ולא פרע", געשניטען און ניט געצאָהלט... (אַ שפּאַס וואָס צירקולירט איצט אין פאַרבינדונג מיט דער געשאַפענער סיטואַציע).

זעהט עס טאַקע אויס אַז ס'איז אַ טעות די פאַר־נאַנדערטיילונג פוןביידע חיים'ס ווי איינס זאָל קענען געהן אָהן דאָס צווייטע. ניין, דאָרט וואו ס'איז ניטאָ דער חיים שיש בהם י"ש, דאָרט איז אויך ניטאָ דער חיים שיש בהם אהבת תורה וי"ש . . .

איז עס אפשר כאַראַקטעריסטיש וואָס וועהרענד בעפאָר דעם חיים שיש בהם יראת שמים ויראת חטא, שטעהט: חיים של פרנסה, שטעהט אָבער בעפאָר דעם חיים שיש בהם אהבת תורה, חיים של עושר וכבוד, איז עס דערפאַר וואָס דאָרט וואו די בעלי בתים אליין באַזי־צען אַ געוויסע מאָס תורה און יראה, דאָרט איז מיט פרנסה אַליין און אפילו מיט פרנסה בצמצום שוין אויך גענוג אויף אויסהאַלטען אַ רב און אַנדערע תורה אינסטיטוציעס, דאָרט

אַבער וואו עס פעלט ביי די בעלי בתים אליין די תורה וי"ש און עס דאַרף בלויז זיין די א ה ב ת תורה וי"ש, דאַרט מוז שוין פריהער זיין אַ באַדינג פון חיים של ע ו ש ר וכבוד (פראָספעריטי בלע"ז) און ווען קיין עושר איז ניטאַ איז קיין אהבת תורה אויך ניטאַ... אַ טרויעריגער פאַקט, אַבער דאָך אַ פאַקט.

מען הערט היינט זעהר אָפט פון מאַנכע שוהל פיהרער וואָס זאָגען גאַנץ אָפען צו זייערע גייסטיגע פיהרער אַז "מיר קענען זיך באַגעהן אָהן אייך ווייל מיר קענען קריגען געגונג רבנים וואָס וועלען באַקליידען דעם אַמט פאַר אַן אומ־באַדייטענדען געהאַלט אָדער זאָגאַר גאַר אָהן געהאַלט", זיי וועלען דאָס ניט וואָגען זאָגען צו זייערע חזנים — צו רבנים אַבער, יאָ.

עס הייסט, אַלזאָ, אַז זיי נויטיגען זיך כלומר'שט יאָ אין דעם רב און זאָל נאָר זיין "ויצא יעקב", זאָל דער רב אַוועקגעהן, פיהלען זיי גלייך דעם "פנה זיווה, פנה הודה, פנה הדרה", נאָר בעהאַנדלען דעם דאָזיגען זיו, הוד והדר, אַנ־שטענדיג, ווען ער איז דאָ — דאָס ניט.

און האָבען מיר שוין דערמאָהנט אין פאַרבינדונג דערמיט דעם "ויצא יעקב", איז טאַקע כדאי זיך אָבשטעלען דערויף און טיעפער אריינבליקען אין דער פרשה און זיך אגב באַקענען מיט די שטעלונג פון יעקב'ן אליין, ווי ער האָט "גע־הענדעלט" די רבנות.

יעקב אבינו ווי באַוואוסט, האָט זיין "רבנות", די בכורה, אָבגעקויפט ביי עשו'ן און גראָדע פאַר אַ גאַנץ ביליגען פרייז, פאַר אַ "נזיד עדשים". דאָס גופא וואַרפט שוין אַ שיין אויף יעקב'ס שטעלונג. ער זעהט אַז ביי עשו'ן איז די רבנות אַזאַ ביליגער אַרטיקעל אַז ער איז גרייט עס אַוועקגעבען פאַר אַ שבוש, טראַכט זיך יעקב אַז ביי אַזאַ חברה מאַן טאָר מען

קיין רבנות ניט אנפערטרויען, ער איז מחלל דעם כבוד הרבנות און מ׳דאַרף עס פון זיינע הענט אַרויסנעהמען...

צו דער זעלבער צייט אָבער ווערט ביי יעקב׳ן אליין אויך נולד א ספק ווי מ׳דאַרף זיך טאַקע באמת אויפפיהרען אַלס רב, צו דאַרף מען טאַקע אָבקומען מיט אַ נזיד עדשים. די "ברבורים ושליו ודגים" איבערלאָזען פאַר די פּרעזידענטען מיט די בעלי בתים און ער, דער רב אליין זאָל שטאַרבען דריי מאָהל אַ טאָג פאַר הונגער אָדער אפשר איז דער רב אויך באַ-רעכטיגט צו לעבען ווי אַ שטיקעל מענש.

און ווייל די דאָזיגע פראַגע האָט ניט צו טהאָן מיט די גייסטיגע זייט פון די רבנות נאָר מיט דער מאַטעריעלער, געהט יעקב דעריבער זיך שואל עצה זיין מיט זיין מוטער וועלכע האָט דערצו מעהר שייכות ווי דער פאָטער.

"מאַמע" — זאָגט ער — "איך בין געוואָרען צו מזל אַ רב, איך האָב שוין די בכורה, זאָג זשע מיר כ׳בעט דיך, איז די רוחניות אליין שוין גענוג פאַר מיר, און מעג איך שוין פאַרקויפען די רבנות מיינע מיט אַלע איהרע לייסטונגען פאַר דעם זעלבען פּרייז וואָס כ׳האָב איהר געקויפט ווי ס׳איז דער וואונש פון מיין פּרעזידענט וואָס טענה׳ט אז עס זיינען דאָ גענוג רבנים וואָס וועלען זיין בעלנים אָנצוקומען פאַר אַזאַ קלעגליכען געהאַלט, אָדער אפשר בין איך אויך באַרעכטיגט צו מאַכען אַ אנשטענדיגען לעבען?"

"ניין יעקב" — ענטפערט רבקה — "ניין, דו יעקב זאָלסט דיין בכורה ניט פאַרקויפען פאַר אַ נזיד עדשים, די יענע וואָס טוהען דאָס זיינען עשו-רבנים אָבער ניט קיין יעקב-רבנים, דו מאַך ניט ביליג דיין רבנות און פאַרשוועך ניט איהר כבוד — ועשה לך מטעמים! — איך האַלט אז דער רבנות-אַמט איז אויך באַרעכטיגט צו "מטעמים", דאָרט וואו ס׳איז דאָ אַ בכורה, דאָרט דאַרף אויך זיין אַ ברכה; לויף

זשע טאקע יעקב׳ל טייערער שנעל צו דיין טאטען דעם צדיק און כאפ אויף אוים די ברכה, זאל עשו בלייבען ביים נזיד עדשים און דו ביי די מטעמים״.

יעקב פאלגט אוים און איז טאקע מצליח. אזוי גיך ווי יצחק ווערט געוואויר אז יעקב האט שוין די בכורה גיט ער איהם צוזאמען מיט איהר אויך די ברכה, און ניט קיין ברכה פון א ״נזיד עדשים״ נאר טאקע פון ״משמני ארץ ורוב דגן ותירוש״...

עשו קומט נאכהער און דערוויסט זיך דערפון, צוא-וויינט ער זיך אויף׳ן קול און שרייט אוים:

את בכורתי לקח והנה עתה לקח גם את ברכתי!

און אייגענטליך לאזט זיך דאך פרעגען: אויב עשו האט אויסצוזעצען אויך אין באצוג צו די בכורה, טא פאר וואס האט ער זיך אזוי שפעט מיישב געווען, די בכורה איז דאך שוין אן אלטע זאך און פאר וואס האט ער ביז איצט גע-שוויגען?

דער תירוץ איז פשוט: פריהער ווען ער האט יעקב׳ן פארקויפט די בכורה פאר א נזיד עדשים האט ער ניט געהאט קיין אורזאכע איהם ניט צו פארגינען; ער האט זיך געטראכט: א טייערע מציאה אזא רבנות. איך האב פאר איהר געקראגען א טאפ לינזען, ער וועט מסתמא אויך ניט קריגען מעהר, טא זאל עס איהם וואויל באקומען און זאל ער זיך האלטען מיט איהר... איצט אבער אז ער זעהט אז צו-זאמען מיט דעם ״בכורתי לקח״ איז ״לקח גם את ברכתי״, אז רבנות מיינט אויך צו מאכען א פיינעם בכבוד׳יגען לעבען, דאס פארדריסט איהם שוין, דאס קען ער שוין ניט פארגינען...

יצחק זאגט אבער: ״גם ברוך יהיה״, האבענ-דיג די בכורה דארף מען אויך האבען די ברכה. ביי יעקב׳ן

קען די בכורה ניט זיין אזוי ביליג ווי ביי עשו'ן. איז ער א יעקב דארף ער האלטען דעם דגל הרבנות ברמה און ניט עס פארביליגען...

די וואס טענה'ן אז מ'קען קריגען רבנים פאר ביליג דארפען אבער וויסען אז רבנים פאר ביליג מיינט אויך "בי־ליגע רבנים"... און די וואס פארקויפען רבנות פאר א נזיד עדשים געהרן יעדענפאלס נישט צו די יעקב'ס...

זאלען די שוהל פיהרער געדענקען אז נאך די אלע חיים'ס פון ראש־חודש־בענטשען קומט דער קלימאקס פון "חיים שימלא ה' כל משאלות לבנו לטובה בזכות תפלת רב", נעהמט אוועק פון דער אמעריקאנער אידישער שוהל דעם רב און דער זכות הקיום פון שוהל ווערט פון א צווייפעלהאפטיגען כאראקטער.

איז פאראן א "ויצא יעקב" איז אויך פאראן א "וישב יעקב" און דארט איז דער פשט אז "בקש יעקב לישב בשלוה", יעקב וויל אויך לעבען ווי א מענש און ער איז באַ־רעכטיגט דערצו ווייל —

"בזמן שהצדיק בעיר הוא הודה, הוא זיווה הוא הדרה"...



# וישלח

## לא המקום מכבד ולא המקום מחלל

**עם לבן גרתי — ותרי"ג מצות שמרתי (רש"י)**

פארטיפען מיר זיך נאר אביסעלע אין דיעזען קא־פיטעל געשיכטע, וועלכער ווערט צוזאמענגעשטעלט אין די צוויי סדרות "ויצא"—"וישלח", און באטראכטען מיט געהערי־גער אויפמערקזאמקייט דעם גאנצען פראצעס פון די צוויי מלחמות, וואס יעקב האט געהאט דורכצומאכען, פריהער די מלחמה מיט לבן הארמי און דאן די מלחמה מין זיין ברודער עשו — ווערט פאר אונז דאן געעפענט א וועג אין אונזער לע־בענס גאנג, וועלכער ווערט בעלויכטען פון יענע ליכטיגע שטראלען פון דער אוראלטער פארגאנגענהייט אין אנקלאנג מיט דעם גוט באוואוסטען כלל, אז "אלץ וואס האט פאסירט מיט די עלטערען וועט פאסירען מיט די קינדער".

דער דאזיגער קאפיטעל געשיכטע פון יעקב׳ס לעבען ווערט אויף זעהר אן עהנליכען, כמעט גלייכען אופן, רעפלעקטירט אויף אונזער געגענווארטיגען גלות קאפיטעל אין די פארשיעדענע לענדער וואו אידען געפינען זיך און הויפטזעכליך דא אין אמעריקא.

אלע גיבען צו, אז די לאגע פון אידען, אדער בעסער געזאגט, די לאגע פון אידענטהום אין גלות אמעריקא איז זעהר א שלעכטע. די ליכט פון אידישקייט צאנקט, און עס דראהט א געפאהר פון גייסטיגען צוזאמענברוך.

ניט אלע אבער גיבען צו, אז די לאגע האט געקענט אנדערש זיין; ניט אלע פארשטעהען, אז שולדיג אין דער לאגע זיינען טאקע קיינער ניט, נאר מיר אליין. פרובירט מאכען

אזא מין ערקלעהרונג און איהר וועט פארשריען ווערען. אויף אלע איבלען אין דעם אמעריקאנעם אידישען לעבען איז פאראן א געוויסע באנאלע תשובה, וועלכע באשטעהט פון איין ווארט, נעמליך: אמעריקא. דער ארט איז גורם, די סביבה איז שולדיג, די אטמאספערע איז פאראנטווארטליך א. ד. ג.

קוקען מיר זיך אבער, ווי געזאגט, צו צו דער פאר־גאנגענהייט און ציהען פון דארט די געשיכטליכע פעדים צו דער געגענווארט, דאן ווערט אונזער באהויפטונג באשטעטיגט און פעסטגעשטעלט. לאמיר עס נאר גענוי באטראכטען:

אין יעקב׳ם גלות׳ן איז אויך פאראן א פארגאנגענ־הייט מיט א געגענווארט. די היינטיגע פרשה, וועלכע האט צו טהאן מיט דער פגישה פון עשו׳ן רעפרעזענטירט יעקב׳ם געגענווארטיגען גלות. אום אבער צו וויסען ווי אזוי זיך צו אריענ־טירען מיט דער לאגע און ווי צו געפינען די ריכטיגע לעזונג צו איהר, ציהט אויך יעקב זיינע געשיכטליכע פעדים פון זיין פארגאנגענהייט, פון זיין פריהעריגען גלות — פון גלות לבן.

עטליכע פערעלדיגע מליצות פון די חכמי המדרש אין פארבינדונג מיט יעקב׳ם ערשטען ארויסטריט פון זיין טאטענ׳ס הויז אויפ׳ן וועג צו ארם נהרים, זיין בעפארשטעהענ־דען גלות ארט ביי זיין פעטער לבן, ווארפען א העלע שיין אויף דער גאנצער סיטואציאן און צייכענען אן דעם ריכטשנור פון יעקב׳ס וועגדונגען.

די חכמים דערצעהלען אונז אויפ׳ן פסוק פון "ויפגע במקום" פאלגענדעס:

"כד מטי לחרן אמר אפשר שעברתי על מקום שהתפללו אבותי ולא התפללתי בו, יהיב דעתיה למיהדר מיד קפצה לו הארץ".

(אַז יעקב איז געקומען נאָהנט צו חרן האָט ער זיך באַרעכענט, אַז עס פּאַסט ניט פאַר איהם ער זאָל האָבען דורכ־געגאַנגען דעם אָרט וואו זיינע עלטערען האָבען תפלה געטהאָן — דעם בית המקדש — און ער זאָל דאָרט ניט קיין תפלה טהאָן, האָט ער גלייך באַשלאָסען זיך צוריק קעהרען, האָט ער אָבער באַלד געהאַט קפיצת הארץ, דער בית המקדש איז איהם אַ שפּרונג געטהאָן און געקומען נאָהנט צו איהם און אַזוי אָרום איהם פאַרשפּאָרט די מיהע צוריק צוקעהרען).

ערגעץ אַנדערש דריקט זיך דער זעלבער געדאַנק אויס מיט אַביסעל אַנאַנדער נוסח. נעמליך: "מלמד שהר המוריה נתלש ממקומו ובא לו" (דער הר המוריה האָט זיך אָבגעריסען פון זיין אָרט און געקומען צו איהם).

יעקב אויף זיין וועג אין גלות זייענדיג פאַרזונקען אין טיעפע מחשבות וועגען די דאָזיגע גלות צוקונפט, איז אַנ־פאַנגס געקומען אין גרויס פאַרלעגענהייט. איהם האָט זיך געמאָלען זיין צוקונפט מיט זעהר שוואַרצע פאַרבען, ער האָט אַלעס געזעהן פון דער לינקער זייט און אויף אַלעס געקוקט מיט אַ פּעסעמיסטיש־מעלאַנכאָלען בליק. ער פיהלט און ווייסט, אַז ער וועט האָבען פון לבן'ען אויס צושטעהן קאַלטס און וואַרעמס, ווי ער האָט נאָכהער דייטליך אויסגעדריקט: "הייתי ביום אכלני חורב וקרח בלילה". ער, לבן, וועט איהם עקאָנאָמיש פאַרפאָלגען אויף טריט און שריט, ער וועט איהם עקספּלאָאַטירען רעכטס און לינקס, לאַנגע אַרבייטס שטונדען און אַ מאַגערע הונגער לוין, אָבער מעהר פון אַלעס וועט ער פון דעם דאָזיגען "רייכען פעטער" ליידען גייסטיג. די אַסימילאַציע ווערים וועלען איהם אויפעסען לעבעדיגערהייד און עס וועט איהם פינסטער ווערען פאַר די אויגען, ווען ער וועט הערען די גיפטיגע ווערטער: "הבנות בנותי — — וכל אשר אתה רואה לי הוא", וואָס עס מיינט, אַז ניט נאָר יעקב'ס

פאַרמעגנען געהער צו איהם, צו לבן'ען, זאַנדערען אויך יעקב'ס לעבעדיגער רכוש — יעקב'ס קינדער...

ער זעהט פאַלגליך גלייך דעם: "ויקח מאבני המקום", אויף יענעם אָרט, אין גלות, דאַרף ער זיך באַגעגענען מיט שווערע שטיינער, מכשולים, וואָס וועלען איהם שטעהן אין וועג וואו ער וועט זיך קעהרען און ווענדען. ער שפירט, אז דער גלות איז פאַר איהם און איבערהויפט פאַר זיינע קינדער פשוט אַ סם המות. אָט, זעהט ער, ער איז נאָך רעכט ניט אַריין אין חרן, ער איז נאָך כמעט אויף'ן וועג, אויף'ן שיף... קוים נאָר אַרויס פון זיין אַלטע היים, און האָט שוין פאַרנאַכלאַסיגט דעם טאַטענ'ס דאַווגען..."עברתי על מקום שהתפללו אבותי ולא התפללתי"... און וואָס וועט שוין זיין שפּעטער, ווען ער וועט שוין זיין אין דער חרן לאַנד, ווען ער וועט זיך שוין דאָרט אוים "גרינען"...

אונטער דעם דרוק פון אַזעלכע טרויעריגע מחשבות באַשליסט יעקב, אַז ס'איז טאַקע קיין פלאַן ניט, מען מוז פאַר־קירעווען דעם דישעל אויף צוריק וועגס, שווער צו זיין אַ איד אין "אַנקעל לבנ'ס" אָדער "אַנקעל סעמ'ס" מדינה...

"יהיב דעתיה למיהדר"... יעקב וויל געהן צוריק. אָבער — "מיד קפצה לו הארץ", די לאַנד, זיין טאַטענ'ס לאַנד, שפּרינגט איהם אַנטקעגען. אַ הימלישער וואונק, ווי צו זאָגען: יעקב, נים נויטיג צוריק צוגעהן, מען קען זיין אַ איד אין חרן אויך, אין וואַשינגטאָן און נויאָרק אויך. קוים זעהסטו נאָר אַליין איין, אַז דו גרייזסט, קוים דערוועקסט זיך נאָר אין דיר אַ געפיהל פון בייגקשאַפט נאָך דיין טאַטענ'ס הויז, נאָך דיין טאַטענ'ס תפלה, נאָך דיין טאַטענ'ס טראַדיציעס, קענסטו שוין האָבען קפיצת הדרך. עס ווערט שוין אומגעביטען די ערד אויף וועלכע דו טרעטסט. די "טרפה" גלות ערד שפּרינגט אָפּ פון דיר און די "כשר'ה" בית המקדש ערד פאַרנעהמט איהר פּלאַץ. "הר המוריה נתלש ממקומו ובא לו", ווען דו ביסט אַזאַ איד מיט

אזוי פיעל בענקשאפט נאך דיין טאטענ'ס הר המוריה, נאך דיין טאטענ'ס ארץ ישראל, דיין הארץ איז א ר' יהודה הלוי הארץ, וואס שרייט אוים: "אני במערב ולבי במזרח", דאן קומט דער מזרח צו דיר אין מערב, דער הר המוריה רייסט זיך אפ פון זיין ארט און קומט צו דיר. דער ארט מאכט גאר ניט קאליע, דער גלות קען אויך ווערען ארץ ישראל'דיג, די בערג פון ארם-נהרים קענען אויך ווערען הר המוריה'דיג. האבען דאך דערפאר אונזערע חכמים געזאגט: "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות", א"י קען קומען אין חוץ לארץ אויך... כל זמן מ'האט איהר נאך ניט אין א"י גופא.

און האבען דאך אונזערע חכמים געזאגט: "ולא יהא לבך חלוק על המקום", וואס פשוט מיינט עס, זאלסט ניט גראמבלען אויף דעם רבונו של עולם, וועלכער רופט זיך "מקום" — "מקומו של עולם", אבער נאך פשוט'ער האט גע-טייטשט דער באוואוסטער צדיק ר' אהרנ'עלע קארלינער זצ"ל. ער טייטשט "מקום" פשוטו כמשמעו, דער "ארט", זאלסט נישט גראמבלען און אויסזעצען חסרונות אויף דעם אדער אויף יענעם ארט, אז דער ארט איז גורם. ס'איז ניט אמת, ס'איז "מלא כל הארץ כבודו" די גאטהייט איז אומעטום, "לית אתר פנוי מיניה"... אויב אונזערע חכמים האבען ערגעץ אנדערש געזאגט, אז: "לא המקום מכבד את האדם אלא האדם מכבד את המקום", ניט דער ארט באעהרט דעם מענשען נאר דער מענש דעם ארט, איז די זעלבע זאך אויך פארקעהרט, אז ניט דער ארט מאכט קאליע דעם מענשען. דער מענש מאכט זיך קאליע און דאדורך אויך דעם ארט, ווייל ער באשאפט ארום זיך א מקום טומאה, פארפעסטעט די אומגעבונג, די אטמאס-פערע.

און אזוי גיך ווי יעקב פארשטעהט דעם הימלישען וואונק און ווערט ערמונטערט דורך דעם סימבאלישען "קפיצת הדרך", אזוי ווערט באלד געביטען דער טאן און די שטימונג

און — ״וישכב במקום ההוא״... ער אנטלויפט שוין נים, ער בלייבט שוין אויף דעם ארט; און: ״ויקח מאבני המקום וישם מראשותיו״, די זעלבע שטיינער, וואס פריהער האבען זיי אויסגעקוקט אין זיינע אויגען ווי שטיינער, מכשולים, ווערען זיי שוין איצט פערוואנדעלט אין בעט-צייג, און דער שטיינערדיגער ארט ווערט פאר איהם א מקום מנוחה... די שטיינער, די שונאים, ווערען פערוואנדעלט אין גוטע פריינד, און ס׳איז גאר א כבוד ביי זיי צו דיענען יעקב׳ן און יעדערער פון זיי שרייט אויס: ״עלי יניח צדיק את ראשו״... אזוי איז עס פאקטיש. פאר אן אמת׳ן עהרליכען אידען האט מען דרך ארץ אפילו אין לאנד חרן אויך... און קוים ווערען די דאזיגע שטיינער אוים מכשולים, דאן איז שוין: ״ויקח את האבן אשר שם מראשותיו״ פון אלע שטיינער ווערט שוין איין שטיין. מכשולים, קרומע וועגען, זיינען פאראן א סך, א גלייכער וועג איז שוין אבער דא נאר איינער און ווען פון אלע שונאים ווערען גוטע פריינד האבען דאן אלע איין צוועק, צו דיענען יעקב׳ן...

״והנה ה׳ נצב עליו״ — קוים שטעהט שוין די געט־ליכקייט ביי יעקב׳ן צו קאפענס, ״אלקי אברהם אביך ואלקי יצחק״, ער האלט זיך פעסט צו געבונדען צום מסורת אבות, צו דער טראדיציע, איז שוין דאן: ״הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה ולזרעך״ — ״מלמד שקיפל הקב״ה כל ארץ ישראל תחתיו״ (חולין צ״א), גאנץ ארץ ישראל ווערט שוין איינגעקאמשעט אונטער יעקב׳ס פיס, ער האט שוין טראנס־פארירט דעם א״י גייסט קיין חוץ לארץ... און יעקב רופט שוין אויס מיט באגייסטערונג: ״אכן יש ה׳ במקום הזה, ואנכי לא ידעתי״. אה! איז עס ווירקליך, אז אויך דא, אויף דיעזען גלות באדען קען מען געפינען די גאטהייט און איך האב דאס נים געוואוסט!

ער האט נישט געוואוסט, איצט אבער ווייס ער שוין יא...

קוים האט זיך יעקב אויסגעטראטען זיין וועג און געהענדיג אין גלות נעהמט ער שוין אויך מיט דעם גאט פון זיינע עלטערען, ווערט שוין יעקב אין גלות ניט פארלארען. נאטירליך מאכט ער דורך די געוועהנליכע גלות פראצעדורע מיט אלע איהרע אונבעקוועמליכקייטען, ער ליידט אן א שיעור, פלאגט זיך היבש אונטער, אבער קיין מוטה פארלירט ער ניט, און דער סוף איז, אז ער ארבייט זיך ארויף, קלייבט אן א היבשען פארמעגען און בלייבט גלייכצייטיג ביי אלע זיינע טראדיציעם; שטעלט אויף דורות מיט וועלכע ער האט זיך גאר ניט צו שעהמען... און ווען עס קומט די צייט, אז ער געהט איבער פון גלות לבן אין גלות עשו, פון "ויצא" צו "וישלח", דיענט איהם די דאזיגע ערפאהרונג נאך מעהר צו זיין פגישה מיט עשו'ן. ער ווייסט, אז אויך אין גלות עשו וועט ער און זיינע קינדער האבען דורכצומאכען דעם טאפעלען גלות, גלות הגוף און גלות הנפש, מאנכע עשו'ס וועלען איהם פארפאלגען קערפערליך, עקאנאמיש, און מאנכע, גייסטיג. ער איז אבער גרייט דערצו. און גלייך ביים אנפאנג שיקט ער א דיפלאמאטישע אנצוהערעניש צו עשו'ן, וועלכע שלאגט אן דעם ריכטיגען טאן. ער זאגט:

"עם לבן גרתי ואחר עד עתה — ויהי לי שור וחמור צאן ועבד ושפחה".

גרתי — זאגען חז"ל איז די זעלבע אותיות פון תרי"ג, און דא איז די אנצוהערעניש: אויב דו מיינסט עשו, אז דו וועסט מיר באזיגען גייסטיג, זאלסטו וויסען, אז ס'איז שוין געווען אזא חכם ווי דו, מיין פעטער לבן מיט וועמען איך האב פארבראכט א פאר צעהנדליג יאהר, און איהם האט זיך עס אויך ניט איינגעגעבען: "גרתי — ותרי"ג מצות שמרתי"...

מיינסטו ווידער, דו וועסט מיר באזיגען עקאנאמיש, מאכסטו ווידער א טעות. אין דיעזען הינזיכט איז שוין לבן גע-

ווים געוועזן מעהר כוואט פאר דיר: "למה נקרא שמו לבן הארמי שהוא אב הרמאים" (מדרש), און פון דעסטוועגן: "ויהי לי שור וחמור צאן ועבד ושפחה", בין איך אוועק פון איהם בע־לאדען מיט רייכקייט און איך האב איהם בעסער "געפיקסט" ווי ער מיך... ובכן — דרך ארץ, עשו!!

און דאך איז יעקב מקיים דעם "אל תאמן בעצמך", און גרייט זיך געהעריג צו צו דער טאפעלער מלחמה, די מלחמה מיט'ן "שרו של עשו", דער הימלישער שר פון עשו'ן, וואס קעמפפט מיט יעקב'ן גייסטיג און מיט דעם מענשלי־כען עשו, וואס קעמפפט פיזיש, קערפערליך, מאטעריאליש. דער גייסטיגער קאמפף איז דער פיעל ערנסטער, איבערהויפט איז ער דראהענד פאר די קינדער, פאר'ן יונגען דור, ווייל אפילו דאן ווען: "וירא כי לא יכול לו", יעקב'ן אליין קען ער ניט בייקומען איז אבער: "ויגע בכף ירכו", דעם "ירך יעקב", זיינע "יוצאי ירכו" ריהרט ער שוין אביסעל יא אן: "והוא צולע על ירכו", דער "ירכו", די קינדער, הינקען שוין אביסעל אונטער, זיינען שוין "פוסחים על שתי הסעיפים", דא רופט מען עס אין אמעריקאנער לשון: "פיפטי פיפטי"... דער גייסטיגער "ויאבק" טיימשט זיך: "מלמד שהעלו אבק עד כסא הכבוד", דער כסא הכבוד, די געטליכקייט איז שוין אבי־סעל פארשטויבט געווארען...

על פי רוב ווערט דער "ויאבק" אויך קאמבאנירט מיט א "ויחבק" צקוראד ווי דער געפינטילטער "וישקהו" קאמבאנירט זיך מיט א "וישכהו"... דאס געוועגדט זיך שוין טעראטאריאליש. אמאהל ווערט אנגעווענדעט פון עשו'ן א מעטאדע פון א בייזען "ויאבק" (בוכצען בלע"ז כמנהג פאג־ראם) און אמאהל א "ויחבק" מען האלדזט זיך, א בחינה פון מיתת נשיקה... אוקראינע מיט איהרע מנהגים, און אמעריקע מיט איהרע... אין ערשטען פאל איז דעם מלאך'ם קאמפף ביי דער נאכט: "ויקם בלילה הוא" — — וויסטע חשך'דיגע פארפאלגונגען, און אין צווייטען פאל איז עס "עד עלות השחר",

ס'איז א קאמפף אין א תקופה פון "ויזרח לו השמש", עס שיינט דוקא, מען קושט זיך דוקא און דאך איז "ויבכו" בײדע װײנען, יעקב װײנט אויך, נים קוקענדיג דערויף, וואס פון "וישכהו" װערט א "וישקהו", פון בייסעניש א קושעניש, ווייל: "בקש עשו לנשכו ונעשה צוארו של שיש", עשו האט געוואלט בייסען אבער יעקב'ס האלז איז געווארען ווי א מארמער שטיין און עשו האט צובראכען זיינע צייהן, האט ער שוין נים געהאט מיט וואס צו בייסען, האט ער שוין במילא געמוזט קושען. איז מילא אויף עשו'ן קיין קשיא נים פאר וואס ער וויינט. ער וויינט פון צייהן װעטהאג, אבער יעקב האט דאך אדרבא גאר באדארפט לאכען? זעהט עס טאקע אוים, אז אויב עשו האט באקלאגט דעם "וישכהו", האט יעקב באקלאגט דעם "וישקהו", פאר עשו'ס קושען שרעקט זיך יעקב מעהר ווי פאר זיינע בייסעני־שען, מיט א בים בייסט מען איין דעם קערפער, מיט א קוש אבער, ציהט מען ארוים די נשמה...

ווען יעקב'ן גיט זיך אבער דאך איין צו באזיגען עשו'ן אויף ביידע פראנטען, דעם הימלישען עשו'ן און דעם אירדישען, איז דא דער זעלבער פאל ווי ביי די דערמאהנטע שטיינער. ס'איז "מלאך רע בעל כרחו יענה אמן" עס ווערט שוין א: "ויברך אותו שם", ער בענטשט איהם שוין גאר און גיט יעקב'ן גלייך קרעדיט, באגריסט און גראטולירט איהם צו זיין טא־פעלען זיעג: "כי שרית עם א ל ק י ם ועם א נ ש י ם ותוכל", ביסט בייגעקומען סיי דעם הימלישען עשו און סיי דעם איר־דישען.

און ווען יעקב וויל וויסען דעם מלאך'ס נאמען. ער וויל געניי קענען דעם "שרו של עשו" כדי ער זאל זיך וויסען ווי אזוי צו היטען פון איהם, ענטפערט איהם יענער זעהר ריכ־טיג: "למה זה תשאל לשמי" ווארום פרעגסטו עשו'ס נאמען, ווערענד פאר עשו'ן איז קיין באשטימטער נאמען ניטא. דער נאמען בייט זיך לויט די מעטאדען פון קאמפף, אמאהל איז עס

א "ויאבק", אמאהל א "ויחבק", אמאהל א "וישכהו" און אמאהל א "וישקהו".

ניט אומזיסט זיינען פאראן אין חז"ל פארשידענע מיינונגען ווי אזוי דער דאזיגער מלאך האט אויסגעקוקט. אנדערע זאגען "כקוביוסטוס נדמה לו", אז ער האט אויסגעקוקט ווי א גזלן און אנדערע זאגען גאר: "כתלמיד חכם נדמה לו", יא, אמאהל לוינט עשו'ן אנטהאן זיין ארגינעלען גזלנ'שען מאנטעל און אמאהל לוינט עס גראדע ארויפציהען א מאסקע פון א תלמיד חכם...

אין יעדען פאל אבער איז עס ניט אויסגעשלאסען, אז מיט גוטען ווילען און ערנסטע אויפריכטיגקייט קען מען איהם איבעראל און אומעטום באזיגען. ס'איז ניט קיין אונטערשיעד אין ארט, און דער תירוץ — "אמעריקא" איז זעהר א שוואכער.

אפילו דארט וואו עס איז: "עם לבן גרתי", קען אויך זיין — "ותרי"ג מצות שמרתי"...



# וישב

## חלום האב וחלום הבן

**ויחלום יוסף חלום ויגד לאחיו — — ויחלום עוד חלום — — ויספר אל אביו ואל אחיו (לז—ח־ט־י)...**

יוסף חלומ'ט צוויי חלומות, דעם ערשטען וועגען בינטלאך תבואה, ווי ער מיט די ברידער בינדען די תבואה אין פעלד און זיין בינטעל בלייבט שטעהן אויפגעשטעלט, שטאלץ, מעשה קעניג, און זייערע, די ברידער'ס, בוקען זיך צו זיינעם. אט דעם דאזיגען חלום דערצעהלט ער זיינע ברידער און זיי, וועלכע האבען איהם שוין סיי ווי פיינט געהאט אויס קנאה צוליעב דעם "כתנת הפסים", קריגען איהם נאך איצט מעהר פיינט. זיי באטראכטען דעם חלום אלס פראדוקט פון זיין פאנטאזיע. מסתמא, קלעהרען זיי זיך, פאנטאזירט ער און טראגט זיך ארום מיט אזעלכע מחשבות צו ווערען הערשען איבער זיי. גרינדע דערצו האט ער מסתמא דאדורך, וואס אויך דער פאטער האט איהם געמאכט פאר אן אויסנאהמע פון זיי און דורכ'ן כתנת הפסים איהם ארויסגעצייגט מעהר ליעבע און אכטונג.

נו, קיין חדוש איז עס טאקע ניט, אז אזעלכע זאכען זאלען ארויס רופען האס און פארדרוס, קנאה און אייפערזוכט ביי עלטערע ברידער, וועלכע באטראכטען זיך מסתמא פאר קליגער און פאר מעהר ערפארענער געווים.

אין דעם פאל, אמת, האבען די ברידער איהם שלעכט געאורטהיילט. דא גראדע איז דער חלום נים געוועזן פון דעם מין, וואס האט צו טהאן מיט די מחשבות, וואס מען טראגט זיך ארום וואכעדיגערהייד אזוי, אז דער חלום זאל זיין א קאנ־

סעקווענץ פון פריהער, פון דעם "ערב" חלום. דא איז דער חלום גראדע געווען א נבואה שיין פון דער צוקונפט, אן אנזאג אויף דעם "מוצאי" חל״ב, ווערהרענד צו יענער צייט ווען יוסף האט דעם דאזיגען חלום גע'חלומ'ט איז כלל קיין גרונט ניט געווען צו אזא פאנטאזיע וועמעס פארווירקליכונג איז געקומען דורך אזעלכע אויסעראָרענטליכע צופעלע וועגען, וועלכע מ'האט לחלוטין קיין אהנונג ניט געקענט האבען פריהער.

מילא, דאס איז זיך א באזונדער זאך. אויפפאלענד איז בלויז, וואס אין דער צייט ווען יוסף דערצעהלט דיעזען ערשטען חלום בלויז צו זיינע ברידער און ניט צו זיין פאטער, איז דעם צווייטען חלום, וועלכער איז אין אינהאלט כמעט אין גאנצען ווי דער ערשטער, דער אונטערשיעד איז בלויז אין די געגענשטענדע, דער ערשטער דריקט זיך אויס אין פשוט'ע אירדישע פראדוקטען און דער צווייטער, אין הימלישע. זון, שטערען און לבנה — אט דעם צווייטען חלום דערצעהלט ער שוין ניט בלויז די ברידער נאר אויך זיין פאטער ? !

דאס אינטערעסאנטסטע אבער אין דעב אלעמען איז דאס וואס דיעזער חלום האט בכלל געטראגען עפעס אן אנדער כאראקטער ווי אנדערע פון דיעזען סארט.

אט צום ביישפיעל זעהן מיר, אז דער שר המשקים און דער שר האופים חלומ'ען חלומות און זיי דערצעהלען עס צו יוסף'ן, איז זייער אבזיכט דערמיט געווען, אז ער, יוסף, זאל זיי פותר זיין דעם חלום. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט פרעה'ס חלומות, פריהער דערצעהלט ער די חרטומים, נאכהער יוסף'ן, און אלין מיט דעם זעלבען צוועק כדי די, וועמען זיי דערצעהלען עס, זאלען זיי ארויסהעלפען אין דער אויפקלעה־רונג פונ'ם חלום. ביי יוסף'ן אבער איז קענטיג, זיין דערצעהלען דעם חלום נים געווען מיט דעם אבזיכט, אז זיי, די ברידער אדער דער פאטער, זאלען איהם העלפען פותר זיין דעם חלום. אויב דאס וואלט געווען דער פאל, טא ווער הייסט זיי, די ברי־

דער, פותר זיין אין אזא ליכט פון: "מלך תמלוך עלינו, משול תמשול בנו" און גלייכצייטיג אנפאלען אויף איהם מיט פאר־ווירפע, ווי ער, יוסף אליין, וואלט אזא פתרון געגעבען. ס'איז דאך זייער אייגענער פתרון, טא פאר וואס אין כעס ווערען, ס'איז דאך ניט זיין שולד?

אמת, אמאהל טרעפט עס אויך, אז דער בעל החלום אליין פארשטעהט דעם פתרון, אין אזא פאל אבער ווענדעט ער זיך דאך ניט צו אנדערע. יעקב למשל מיט זיין חלום, דער "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה", האט דעם דאזיגען חלום קיינעם ניט דערצעהלט. יוסף אבער, אז ער האט יא דערצעהלט מיינט דאך עס, אז ער אליין האט ניט קיין אהנונג אין באצוג צום פתרון און ער גיט עס אין גאנצען איבער צו זיינע ברידער און אויב זיי פארשטעהען אזוי דעם פתרון, דארפען זיי דאך זיין אין כעס אויף זיך אליין און ניט אויף איהם, אויף יוסף'ן?

אט דער דאזיגער פלאנטער, עפענט דעריבער פאר אונז א נייע וועג אין דיעזער גאנצער אנגעלעגענהייט. עס זעהט אויס, אז יוסף איז ניט אויסען געוועזן מיט'ן דערצעהלען דעם חלום, אז זיי, די ברידער, זאלען איהם געבען דעם פתרון, און דער גאנצער הלום אן און פאר זיך האט אין זיין סימבאלי־שער זייט געציעלט, אויך צו דעמאנסטרירען א געוויסע שיטה אין לעבען, און ער, יוסף, האט די דאזיגע שיטה געגעבען אן עפענטליכען שטאלצען אויסדרוק מיט'ן דערצעהלען עס, צו־ערשט די ברידער און נאכהער (דעם צווייטען חלום) אויך דעם פאטער.

יוסף, וועלכער איז ווירקליך געוועזן יעקב'ס ליעבלינג דערפאר, וואס "כי בן זקונים הוא לו", איז ער עס אבער ניט געוועזן בלויז ווי דער פשוט'ער זין פון בן־זקונים בעדייט נאר עס האט אויך געהאט א מאראלישען אונטערשלאג ווי עס ווערט אויסגעטייטשט אין תרגום אונקלס: "ארי בר חכים הוא ליה", אין אנקלאנג מיט'ן זין פון "והדרת פני זקן", וואס

עס מיינט "זקן שקנה חכמה". יעקב האט אויסגעפונען אין יוסף׳ן נים בלויז א פיזישען יורש נאר אויך א גייסטיגען. אין יוסף׳ס חלום ווי אין יעקב׳ס שפיגעלט זיך דעריבער אפ איינע און די זעלבע השקפה אויף׳ן לעבען. יעקב חלומ׳ט וועגען א לייטער, וואס שטעהט אויף די ערד און גרייכט אין הימעל און מיינט דאמיט אויסצודירקען דעם געדאנק פון א קאמבא־נירטע לעבענס פראגראמע, וואס זאל אריינגעהמען אין זיךביידע טהיילען, דעם אירדישען און דעם הימלישען, און יוסף חלומ׳ט אויך פון ערד פראדוקטען און הימעל פראדוקטען... און, ווי געזאגט, מיינט ער דערמיט אויך צו דעמאנסטרירען די זעלבע שיטה. אין דער צייט אבער ווען יעקב׳ן איז נאך די שיטה נים געווען איבערצייגענד, ער האט נאך געצווייפעלט אין איהר, ווי מיר האבען אויספיהרליך בעהאנדעלט די פראגע אין סדרה "ויצא", איז אבער יוסף, אויף די יסודות פון יעקב׳ס שפעטערדיגע איבערצייגונג, שוין אין אנפאנגס צוגעטראטען דערצו אלס איבערצייגטער.

זיין שטעלונג און שטרעבונג איז, אז סיי די אלומות (די ערד) און סיי די שמש וירח (דער הימעל) "משתחוים לי". דער איד דארף כובש זיין די וועלט און אנהאלטען שטארק ביידע פאזיציעס, די אירדישע און די הימלישע.

און ווי יעקב האט פריהער דערזעהן דעם "סולם" פון זיין ערדישען טהייל, דעם "מוצב ארצה" און נאכהער דעם "מגיע השמימה", אזוי האט אויך יוסף פריהער געזעהן די "אלומות" און נאכהער דעם "שמש וירח", ווייל אויב דער הימעל איז טאקע דער חשוב׳סטער טהייל, דער תכלית אליין, איז אבער די ערד דער "אמצעי", דער מיטעל צום צוועק און כאטש דער צוועק איז די הויפט זאך קומט דאך דער מיטעל פריהער, ווייל דורך דעם מיטעל קען מען ערשט גרייכען צום צוועק.

איין קליינער אונטערשיעד איז אָבער יאָ דאָ אין דיביידע חלומות פון טאַטען און זוהן. דער טאַטע זעהט ביידע זאַכען מיט אַמאָהל, ס'איז איין ליטער. איין חלום. דער זוהן אָבער זעהט ביידע זאַכען באַזונדער, צוויי חלומות... דער אונטערשיעד איז אַ גאַנץ באַדייטענדער. איין זאַך' אַז מען זאָל וועלען פאַרנאַנדער טהיילען אין צווייען וועט יעדער טהייל זיין בלויז אַ האַלבע זאַך, צוויי זאַכען אָבער, אַז מען זאָל צוטהיילען וועט יעדער טהייל נאָך אַלץ בלייבען אַ גאַנצע זאַך...

און אַט דער אונטערשיעד איז אין גרונט גענומען אַ ריין פּסיכאָלאָגישער, עס איז אַ נאַטירליכער קאָנסעקווענץ פון דעם אונטערשיעד צווישען טאַטע און זוהן, צווישען יונג און אַלט. דער טאַטע איז דאָך מעהר קאָנסערוואַטיוו ווי דער זוהן. ווי נויטיג די ערדישע זייט זאָל ניט זיין, פיהלט דער טאַטע דאָך, אַז ס'איז ניט מעהר ווי אַ מיטעל צום הימעל און טראַכטען פון אַ ערד אָהן אַ הימעל, אָדער פון נאַציאָנאַליזמוס אָהן טראַדיציאָן איז עס אַקוראַד ווי טראַכטען פון נולען אָהן ציפערען... דער זוהן אָבער, מעג ער טאַקע זיין "אַ טאַטענ'ס אַ קינד" און אויך פיהלען די נויטיגקייט פון הימעל, קען זיך אָבער אַמאָהל פאַרגינען אַ טראַכט טהאָן, אַז דעם ערדישען טהייל אַליין איז נאָך אויך ניט מיט'ן האַנט אַוועק צו מאַכען און נאַציאָנאַליזמוס אָהן טראַדיציאָן איז אמת ניט קיין צוויי זאַכען, איינס לפחות איז עס אָבער יאָ... און דערפאַר קען מען אַמאָהל אַ חלום טהאָן פון "אלומות" אַליין אָהן דעם שמש וירח...

עס איז אָבער אויך אמת און כאַראַקטעריסטיש, אַז דער סאָרט זוהן פון וועלכען מיר ריידען אפילו ווען זיין פערזענליכע אויפפאַסונג איז אין דיעזען זין אַנדערש פון זיין פאָטער'ס זאָל אָבער, אוים רעספּעקט צום טאַטען, ניט וועלען טרעטען אויף דעם טאַטענ'ס געפיהלען און זאָל דערפאַר ניט

וועלען טהיילען זיינע מיינונגען מיט'ן טאַטען אוים מורא טאָ־מער וועט ער דערמיט דעם טאַטען וועה טהאָן.

און דערפאַר כל זמן אין יוסף'ס פאַנטאַזיע בילדעט זיך בלויז דער נאַציאָנאַלער טהייל פון דער לעבענס פּראָגראַמע, די אלומות אליין, וואגט ער ניט צו ריידען דערפון מיט'ן פאַטער, דער "בעל הסולם". ער ווייסט, אַז פאַר איהם, פאַר יעקב'ן איז אַ פּראָגראַמע פון הוילע "אלומות" ניט מעהר ווי אַ נול... די ברידער אָבער, וועלכע געהרען אליין אויך צו זיין איינענעם קרייז, צום יונגען דור, פאַר זיי פאַר־טרויעט ער זיך יאָ און דעמאָנסטרירט זיין נאַציאָנאַליסטישע שיטה. אַזוי גיך אָבער ווי יוסף דערגרייכט שוין די צווייטע שטופע, זיין פאַנטאַזיע ווערט עלטער און געפינט שוין אליין אויך ניט קיין גענוגענדע צופרידענהייט אָדער ספּוק הנפש אין זיין ערשטען חלום אליין; ער פאַנגט אליין אָן צופיהלען, אַז אלומות אַהן טראַדיציע איז צו טרוקען, עס פעהלט די הימ־לישע טהוי, די נשמה זאַפטיגקייט, און הויבט שוין אליין אויך אָן צו חלומ'ען פון דעם שמש וירח, דאַן איז ער שוין זיכער, אַז איצט מעג ער שוין דעם טאַטען אויך דערצעהלען זיינע חלומות, דער טאַטע וועט שוין איצט זיין צופרידען מיט איהם. ער גלייכט זיך שוין אוים מיט איהם אין די השקפות.

פון יוסף'ס טאָן און דעמאָנסטראַטיווען פאָרם, האָבען די ברידער פאַרשטאַנען, אַז יוסף קומט זיי ניט דערצעהלען בלויז דעם חלום און וואַרט ערשט אויף זייער פתרון, נאָר אַז ער אליין האָט שוין דעם פתרון, ער איז אַ "חולם ופותר כאחד", נאָר אַנשטאָט צו נעהמען דעם זין פון דעם חלום אין אַ קאָלעקטיווען פאָרם, האָבען זיי איהם גענומען אין אַן אינדי־ווידועלען, אָדער אין אַנדערע ווערטער: אַנשטאָט צו נעהמען דעם חלום אין אַ סימבאָלישער אויפפאַסונג, האָבען זיי עס גענומען אין אַ בוכשטעבליכער, און דאָס נאַטירליך, האָט מיט דער הילף פון "קנאת אחים" זיך אָבגערופען ניט פרידליך.

אגב, האט דאך דער חלום אין דער ווירקליכקייט טאקע אויך געהאט אן אינדיווידועלע און בוכשטעבליכע באדייטונג...

יעקב אליין אבער האט פון איין זייט, אויף אזוי ווייט וויפיעל דער חלום האט ענטהאלטען זיין אינדיווידועלע באדייטונג, מיטגעטהיילט די ברידער'ס פארדרוס: "ויגער בו אביו" אום דאמיט איינצושטילען טהיילווייז די קנאת אחים אין וועלכע ער אליין האט זיך געפיהלט שולדיג צוליעב דעם "כתנת פסים", פון דער אנדער זייט אבער, עס הייסט, פון די סימבאליש, קאלעקטיווע, נאציאנאל-טראדיציאנעלע זייט, האט יעקב מיטגעטהיילט יוסף'ס שיטה און דערפאר — "ואביו שמר את הדבר"...

ניט אומזיסט האבען אונזערע חכמים געצויגען א קו-השואה צווישען יוסף'ס חלום און דעם חלום פון ציון און האבען געזאגט: "כל מה שאירע ליוסף אירע לציון, ביוסף נאמר ויחלום, ובציון נאמר בשוב ה' את שיבת ציון היינו כחולמים", ווייל זיי האבען אויך געקוקט אויף יוסף'ס חלום פון דער סימבאלישער זייט און האבען אין איהם געפונען דעם אמת'ן סימבאל פון אונזער ציון חלום, אנצייגענדיג אויף דעם דערמאהנטען תהלים קאפיטעל, וועלכער ענדיגט זיך אויך מיט אלומות — "נושא אלומותיו"...

**

# מקץ

## השמנים שבהיכל
(לכבוד שבת חנוכה)

**ואחר כך באו בניך לדביר ביתך
ופנו את היכלך וטהרו את מקדשך
(על הנסים).**

"ואין לנו רשות להשתמש בהן אלא לראותן בלבד" !

"מיר האָבען ניט קיין רשות זיך באַנוצען מיט זיי (די חנוכה ליכט) מיר קענען זיי בלויז זעהן".

מאַנכעס מאָהל איז אָבער דאָס "זעהן" אַליין פון גרויסען נוץ פאַר אונז. מיט אַ שפּאַקטיוו למשל קען מען זעהן, וואָס עס טהוט זיך פון גאַנץ ווייט. ווייטקייט מיינט אָבער ניט גראַדע די ווייטקייט אין אָרט, פאַראַן אויך ווייטקייט אין צייט. און אויך צו אַזאַ סאָרט ווייטקייט איז פאַראַן אַ ספּעציעלער שפּאַקטיוו, דאָס איז דער היסטאָרישער שפּאַקטיוו, דער שפּאַקטיוו פון דער פאַרגאַנגענהייט דורך וועלכען מען קען אַמאָהל זעהן ווייט ווייט אין דער צוקונפט.

אָט דער שפּאַקטיוו ווערט פאַר אונז אַנטפּלעקט אין געשטאַלט פון די חנוכה ליכט, וואָס "מיר האָבען ניט קיין רשות זיך באַנוצען מיט זיי, מיר קענען זיי בלויז זעהן", אָבער גענוג איז פאַר אונז בלויז דאָס זעהן, ווייל מיר זעהען אין זיי אַלעס, די ווייטע פאַרגאַנגענהייט, אונזער געגענוואַרט און צומאָהל אויך די צוקונפט.

מיר זעהען אין די ליכטעלאַך יענע גייסטיגע מהפכה אין דעם אידישען לאַגער אין דער תקופה פון די יונים און די

מתיונים. די יונים אליין אָן און פאַר זיך וואָלטען קיינמאָהל ניט געקענט אַזוי פיעל שאַדען בריינגען אין דער מחנה ישראל ווען ניט די מתיונים, די אידישע אַסימילאַטאָרען, וועלכע האָבען מיט זייער גריכיש-אַסימילאַטאָרישען גייסט פאַראומריינינגט די אַטמאָספערע, מטמא געווען דעם אויר.

און אַט די טרויעריגע לאַגע שיינט דורך און שפּי-געלט זיך אָפּ אויך אין אונזער געגענוואַרטיגען אידישען לעבען וואו די מכה פון דער מאָדערנער אַסימילאַציע האָט געשלאָגען טיעפע וואָרצלען און פאַרפעסטעט די אידישע לופט.

עס איז גענוג טרויעריג און טראַגיש, ווען אַן "אומ-ריינער גייסט" כאַפּט זיך אַריין און גרייפט אָן מיט זיין רוח-טומאה אפילו נאָר דעם וואָכעדיגען לעבען אונזערען, ווייל אויך אונזער וואָכעדיגער לעבען האָט אין זיך אַ הייליג-קייט. ביי אונז איז דער טיטול "כהנים" ניט קיין מאָנאָפּאָלי-זירטער בלויז פון "גייסטליכע". דער גאַנצער פאָלק ישראל איז באַטיטעלט מיט דעם נאָמען: "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש". אַט דאָס זיינען די אייגענשאַפטען פון דער אידישער אומה, וועלכע ווייסט דעם סוד פון "חולין שנעשו על טהרת הקדש"...

פיעל טרויעריגער און טראַגישער איז אָבער ווען דער "רוח רעה" איז געוואָרען עפּידעמיש און האָט זיך אַזוי ווייט און ברייט אויסגעשפּרייט, אַז ער האָט אויך דערגרייכט מיט זיינע טמא'דיגע נעגעל אונזערע הייליגקייטען, אַז אויך די "שמנים שבהיכל", די ריינע, הייליגע בוימלען פון דעם היכל הקדש זיינען באַריהרט געוואָרען דורך דעם רוח-הטומאה און — טמא געוואָרען...

און אַט די טראַגעדיע אויף וועלכע עס זאָגען עדות די קליינע באַשיידענע ליכטעלאַך, וועלכע בריינגען דעם טרוי-

עריגען גרוס פון יענעם ווייטען עבר, די זעלבע טראגעדיע שפיגעלט זיך אויך אפ און שיינט דורך די דאזיגע חנוכה ליכט פון יענעם **עבר אינ׳ם איצטיגען הוה...**

עס איז דער רוח-הטומאה, וואס מיר רופען איהם מאטעריאליזים, וואס האט אזוי שטארק ארומגעכאפט דעם אידישען לעבען איבעראל און באזונדערס אין אמעריקא, אז נים בלויז זיינען די אנגעגריפענע, די געוועהנליכע פשוט׳ע אידען, די אידען פון א גאנץ יאהר וועמעס עלעמענטען האבען ווירקליך געזונקען ביז׳ן אבגרונט, אריין אין די מ״ט שערי טומאה און אזוי ווייט פאר׳מגושם׳ט געווארען, אז מעהר ווי זייערע פיער אליין פון העסליכען מאטעריאליזם וויסען זיי נים. ניין, זאגען מיר, נים זיי אליין זיינען די ״קרבנות הטומאה״, דער רוח רעה האט זיך אויסגעשפרייט פיעל ווייטער און טיע-פער, און האט אויך ארומגעכאפט די בעסערע עלעמענטען, די מעהר גייסטיג קולטורעלע, די שמנים שבהיכל, דער סלת ושמן פון דער אומה אין געשטאלט פון די רבנים, די אנשי הרוח פון פאלק. אט די רבנים וועמענס לעבענס פרשה האט געדארפט זיין די פרשה פון ״קדושים תהיו״, ווייל דאס רבנות בכלל איז אימער געווען א סימבאל פון קדושה, אויך די זיינען אנגעגרי-פען געווארען פון דער מאטעריעלער טומאה און דאס רבנות אזוי ווי דאס פשוט׳ע לעבען איז אויך פארשוועכט געווארען, וואכעדיג געווארען, געקראגען א פראפעסיאנעלע צורה און איינגעהילט אין **א ביזנעס שלייער.**

דער רב אין די מדינות איז נים מעהר ווי א פשוט׳-ער ארבייטער, א ״דזשאב האלדער״ און די באציהונגען צו איהם מצד זיינע שוהל פרעזידענטען, זיינע זאגעגאנטע ברויט געבער איז פונקט ווי די באציהונג פון יעדען ״באס״ צו זיינע ״שאפ״ אנגעשטעלטע... נישטא דער רעספעקט, וואס מען פלעגט אמאהל האבען פאר א רב. נים ער, דער רב, איז דער טאן געבער אין זיין קהלה און נים ער גים די נויטיגע אינס-

טרוקציעס צו זיינע "צאן קדשים", פארקעהרט ער געהמט אינסטרוקציעס פון זיינע פיהרער, אפיסערס און טאנצט נאך זייער פייפעל.

כ'האב אמאהל געהערט ווי א מגיד האט אויסגע-טייטשט דעם מאמר הגמרא, אז אין דער צייט פון די "עקבתא דמשיחא" וועט זיין "פני הדור כפני הכלב". ער האט עס ער-קלעהרט, אז עס באציהט זיך אויף די היינטיגע רבנים, וועלכע רופען זיך דער "פני" הדור, ווייל רבנים זיינען דאך ווירקליך אימער געווען דער "פני", און אין דער איצטיגער עקבתא דמשיחא זיינען זיי נעבאך "כפני הכלב". דער נאטור פון דער דאזיגער פיער פיסיגער חיה איז צו לויפען אין פאראוים פון זיין בעל הבית. ער לויפט אזוי לאנג ביז ער קומט צו א שיידע-וועג, א פרשת דרכים. דארט בלייבט ער שטעהן ווארטען אויפ'ן בעל הבית זעהן וואס פאר א ריכטונג ער געהט נעהמען, רעכטס אדער לינקס און דאן לויפט ער ווידער פאראוים. כך אזוי, האט דער מגיד אויסגעפיהרט, איז עס מיט אונזערע היינטיגע פני הדור, די רבנים. זיי לויפען אויך אימער פאראוים זייערע פריצים, די פרעזידענטען און שוהל בעלי בתים ווי די דער-מאהנטע געטרייע חיה, קוים אבער קומט עס צו א געוויסע פראבלעמע, וואס ער, דער פני הדור, ווייסט ניט וואס פאר א שטעלונג זיין "באס" וועט דערצו נעהמען, בלייבט ער שטעהן אויף דעם פרשת דרכים, אליין קיין ווענדונג נעהמט ער אין קיין זאך ניט, אוים מורא טאמער וועט עס זיין ברויט געבער ניט געפעהלען, ווארט ער דעריבער אויף "איהם" און אזוי גיך ווי ער זעהט זיין ריכטונג, שפרינגט ער ווידער אין פאראוים און טאנצט נאכ'ן טאקט פון יענעמ'ס פידעל.

א ביטערער אמת דעם דאזיגען מגיד'ס, אבער דאך אן אמת...

אמאהל, אז מען פלעגט אויפנעהמען א רב, איז עס געווען אן אייביגע שטעלע אויף לעבענסלענגליך, און פלעגט נאך אין פיעלע פעלע אויך איבערגעהן בירושה צו זיינע קינ-

דער אויב ס'איז נאָר געווען אַ פּאַסענדער נאָכפאָלגער. היינט נעהמט מען אויף אַ רב אויף אַ טערמין, אין די מעהרסטע פעלע אויף אַ גאַנץ קורצען טערמין, אַ יאָהר אָדער צוויי און דורך דער צייט, אַז מען איבערצייגט זיך, אַז ער וגיים ווי צו שפּיעלען זיין ראָלע, ער פיהרט זיך אויף "אַנשטענדיג" און איז אַן אמת'ער "צורבא מרבנן דמרחמי ליה מתא"... דאַן גיט מען איהם אַן "עקסטענשאַן" און מען באַנייעט דעם אַגרימענט. און אַזוי היינגט אימער זיין רבנות אויף משקולת און ער ווייסט קיינמאָהל ניט וואָס זיין מאָרגען וועט זיין.

אַמאָהל איז די רבנות געמאָסטען געוואָרען מיט אַ מאָס־שנור פון לומדות, ווי ווייט למדן דער רב איז, אויב ער איז געגעג חריף, גענוג בקי, אַ "סיני" אָדער אַ "עוקר הרים". עס איז אַלץ איינס געווען ביי זיינע "וועהלער" צו איז דער רב אַ גרויסער רעדנער צו אַ קליינער, סיי ווי האָבען אַפילו די גרויסע "דברנים" אויך ניט גערעדט מעהר ווי צוויי מאָהל אין יאָהר, שבת הגדול און שבת־תשובה. ס'איז געווען אין דער בחינה פון "והיו עיניך ר ו א ו ת את מוריך", מען האָט יוצא געווען מיט'ן "ל ר א ו ת ן בלבד" און ניט צופּיעל זיך "אויס־געגוצט" מיט איהם — "אסור להשתמש בהם"...

היינט ווערט די רבנות געמאָסטען ניט נאָכ'ן "מוח" נאָר נאָכ'ן "צונג", מעג ער זיין וועניגער חריף ובקי אָדער גאָר אַ קנאַפּער למדן, קוים איז די צונג אַ גוטע, אַ געשליפענער מויל, דאַן איז ער שוין זיכער מיט זיין קאַנדידאַטורע.

זעהר ריכטיג מעסטען דערויף אַן די סאַטיריקער דעם בעקאַנטען מאמר פון "רב בדיק בלישניה" (דער אמורא רב האָט דעם חלף בודק געווען פון אַ פּגימה אויף דער צונג). זיי, די סאַטיריקער, טייטשען עס אויס אַזוי: רב (אַ היינטיגען רב) בדיק בלישניה (איז מען בודק אויף זיין צונג), אויב דער צונג איז נאָר גוט איז ער שוין "אָל־רייט"... עס מאַכט כלל ניט אויס צו איז ער יאָ אַ "הורה יורה ידין ידין" צו ניט, דער

עיקר איז דער: "מות וחיים ביד הלשון"... פארגעסט מען אבער, אז דער "רב בדיק בלישניה" באציהט זיך אויף א שחיטה מעסער און ניט וועניג זיינען טאקע די צונג־רבנים פון דעם טיפ וועמעס רבנות איז אויך א מין שחיטה מעסער, אב צו'שחט'ן די אידישקייט...

נון, איז דען עפעס א וואונדער, אז אונטער אזעלכע באדינגונגען האט די רבנות באקומען א וואכעדיגע צורה, א פראפעסיע ווי אנדערע פראפעסיעס, ס'האט אויסגעוועבט דער ריח פון איהר קדושה. די טומאה איז איבער געגאנגען פון דעם חולין אויף דעם קדש, פון גאס אין שוהל, פון די צאן קדשים אויף דעם רועה נאמן, ס'האט זיך אריינגעריסען אזש אין היכל אריין און דארט פאראומרייניגט דעם שמן משחת קדש.

"נטמא השמן שבהיכל"!

יא, "אלא לראותן בלבד". און גענוג איז פאר אונז דער זעהן אליין... זעהען מיר דורך די חנוכה ליכטעלאך, אז אויב עס איז דעמאלט, אין יענער חשמונאים תקופה, יא איבערגעבליבען א קליינער קריגעלע, א "פך השמן" וואס ס'איז געשעהן א נס און די שמוציגע הענט פון די טמאים האט צו דעם ניט געגרייכט, איז ערשטענס טאקע דאס געווען ניט מעהר ווי א נס... און צווייטענס, איז יענער אויל קריגעלע געווען באגראבען אין דר'ערד, פארזיגעלט און פאר'חתמ'ט מיט'ן כהן גדול'ס חתימה, און נאר אזוי ארום איז עס געבליבען בא־שיצט פון די טומאה און פון די טמאים.

און מיר קוקען דורך די שיין פון יענע ליכטעלאך צו אונז אין לאגער און אויב מיר זעהען, אז אויך דא ביי אונז געפינט זיך נאך אזא אונבאריהרטער פך השמן אויף וועמען די מאטעריעלע טומאה האט נאך קיין שליטה ניט געהאט, נאך פאראן א קליין הייפעלע פון דעם בעסערען סארט רבנים, וועלכע זיינען נאך ניט באשמוצט פון די דאזיגע טומאה, דאר־

פען מיר טאקע פאראוים וויסען, אז אט דער פך השמן ליגט טאקע באגראבען ניין איילען אין דר׳ערד, שטארבט טאקע צעהן מאהל א טאג פאר הונגער, ווייל קיין שטעלע קען אזעל־כער ניט באקומען. זיין ״ריינע אויל״, זיין חכמה און זיין תורה איז פארזיגעלט ביי איהם אין הארצען מיט זיין כהן גדול זיגעל, און קיינער קען דערפון סיי ווי ניט געניסען, ס׳איז בוימעל פון קריגעל און ניט פון דער מנורה, בוימעל אהן קנויט און אהן פייער...

דאן אין יענע חשמונאים צייטען ווען די לאגע האט שוין דערגרייכט אזוי ווייט, אז די טומאה האט שוין זיך בא־וויזען אויך אין היכל, האט עס שוין געבראכען דעם טאלעראנץ פון אונזערע בעסערע מענשען אין דער אומה, ס׳האט געפלאצט דער געדולד פון יענע אידעאליסטישע חשמונאים און מיט לייבען גבורה האבען זיי זיך געווארפען אין די רייהען פון קאמפף אום צו באשיצען אונזערע הייליגטימער, צו ראטעווען דעם שמן שבהיכל. מען האט געקענט דולדען אזוי לאנג ווי די טומאה האט זיך נאר געהאלטען פון דרויסען אבער ניט ווען זי האט זיך שוין געוואגט אריינרייסען אויך אינעווייניג אין היכל, אין קדשי קדשים.

וואו נעהמען מיר אבער היינט אזעלכע אידען ? און ווי נויטיג מיר דארפען זיי ! איז דען ווייניג, אז די מאטער־יעלע טומאה האט איינגעדרונגען אינ׳ם לעבען פון די ברייטע מאסען און האט אזוי ווייט פאר׳חזיר׳ט דעם דאזיגען לעבען ? איז דען ווייניג, אז דער פשוט׳ער ״חולין״ איד, וועלכער, ווי אויבענבאטאנט, איז דאך, ביי אידען, אויך שטענדיג געווען אין דער בחינה פון ״חולין שנעשו על טהרת הקדש״, איז דען ווייניג, אז ער איז דאס שוין ניט מעהר היינט ? אבער אויב ניט ״חולין שנעשו על טהרת הקדש״ זאל לפחות ניט זיין ״קדש שנעשו על טומאת חולי חולין״ ? ! ...

הנרות הללו !

די דאָזיגע ליכטעלאך ברייגנען אונז פרייד און גליק, ווען מיר קוקען אין זיי, אין דער ליכט פון דער פארגאנגענהייט, זיי ברייגנען אונז אָבער אויך צער און אומעט ווען מיר קוקען אין זיי, אין דער ליכט פון דער געגענווארט...

די געגענווארט שטעלט מיט זיך פאר די טרויעריגע בילד פון דער היינטיגער סדרה, ווען מיר זעהען דעם גרויסען עדעלען יוסף אַלס עבד און די שר המשקים׳ס און שר האופים׳ס אַלס "שרים"...

און ניט ווייניג זיינען זיי דאָ אין אונזער לעבען די אידישע שר המשקים׳ס אין געשטאַלט פון "בוטלעגערס" אָדער בעקער יונגען, וואָס זיי זיינען די שרים, די פרעזידענטען און די עדעלע יוסף׳ן זיינען זייערע עבדים... ווען זיך עס ווען עס איז ענדערען?

הלואי!



# ויגש

## עדות ביהוסף שמו

**וירא את העגלות אשר שלח יוסף לשאת אותו ותחי רוח יעקב אביהם (מה — כז)**

די בעסטע לעקציע פאר "חנוך הבנים", דוכט מיר, קענען מיר לערנען פון דער היינטיגער פרשה פון דער וואך. ס'איז א פרשה, וועלכע קען זיך אמבעסטען אנמעסטען פאר אונזער אייגענער פרשה פון לעבען; א פרשה, וואס דיענט אלם גוטע מוסר דרשה, סיי פאר אונזערע היינטיגע טאטעס און סיי פאר אונזערע היינטיגע קינדער, און קוים שטודירט מען נאר איהר גוט דורך און מען טראנספארירט איהר לעהרע פון בוך אין לעבען, געפינט מען אין איהר אויך גענוג טרייסט און האפענונג אויף צו פארטרייבען דעם יאוש און פעסעמיזם, וואס האט זיך איינגעגעסען ביי פיעלע פון אונזערע היינטיגע טאטעס אין באצוג צו דער פראגע פון קינדער ערציהונג אין היינטיגער צייט און איבערהויפט אין אזא לאנד ווי אמעריקא.

געוויס איז עס א פראבלעמע. עס קוקט אוים גאנץ שווער צו קענען ערציהען קינדער אין די לענדער און קענען ערווארטען, אז די ערציהונג זאל געבען גוטע פרוכט אין דער צוקונפט, דעמאלט ווען זיי געהען שוין ארוים אין שוק החיים. צו שאפען א קאריערע אין לעבען.

זיינען טאקע דעריבער פאראן א סך טאטעס, וועלכע פארנאכלאסיגען זייער קינדער'ס ערציהונג אויף אט דעם גרונט. זיי טראכטען אדער זאגען גאנץ אפען: וואס וועט שוין ארוים-

קומען דערפון ווען מיר ווענלען זיך שוין אנשטרענגען און געבען די קינדער א העכט אידישע ערציהונג, זוען סיי ווי וועט די דאזיגע טראדיציאנעלע ירושה ביי זיי ניט בלייבען. זיי געפינען זיך דאך אין אמעירקא, א מין "ערות מצרים", וואו די אומשטענדען, לעבענס באדינגונגען און די אטמאספערע בכלל איז אין געגענזאץ צו אלעס, וואס איז אידיש, וועט דאך עס — טענה'ן זיי — סיי ווי ביי זיי ניט בלייבען, טא צו וואס די אומזיסטע אנשטרענגונג, וואצו אקערען און זייהען אויף א שטיינערדיגען באדען?

אט אזוי ארגומענטירען זיי די טאטעס און אלס רעזולטאט דערפון בלייבען זיי טאקע גלייכגילטיג, און זייערע קינדער — אידישע גוים...

און אט קומט די פרשה פון יוסף'ן און צוקלאפט די אלע טענות און מאכט צונישט די גאנצע ארגומענטאציע.

דער אלטער טאטע יעקב איז אויך געווען שטארק באזארגט וועגען זיין זוהן יוסף, וועלכער האט זיך אין מצרים געפונען אונטער די זעלבע אונגינסטיגע אומשטענדען, אין דער אמת'ר ערות מצרים. אויך ער, יעקב, האט ניט געקענט גלויבען, אז יוסף וועט בלייבען ביי זיין פרומקייט אויך אין מצרים טראץ דעם גוטען טראדיציאנעלען חנוך, וואס יעקב האט איהם אין זיין יוגענט געגעבען.

די תורה דערצעהלט אונז ווי יעקב האט געטרויערט אויף זיין זוהן און האט זיך ניט געוואלט טרייסטען: "ויתאבל על בנו ימים רבים וימאן להתנחם". אונזערע חכמים מערקען דערביי אן: "מכאן שאין מקבלין תנחומין על החי" (פון דאנען דרינגט מען, אז אויף א לעבעדיגען נעהמט מען ניט אן קיין טרייסטונג), ווערהענד אויף א טויטען זאגט די גמרא אנדערשוואו, אז: "חכמים גזרו על המת שישתכח מן הלב", א טויטער מוז פארגעסען ווערען פריהער אדער שפעטער, און

אויב יעקב האָט אַזוי לאַנג געטרויערט און ניט געקענט פאַר־געסען איז עס דערפאַר, ווייל יוסף איז אין אמת'ן ניט טויט געוועז.

פרעגט זיך דאָך אָבער: אויב אַזוי האָט דאָך יעקב דערפון אַליין, וואָס עס לאָזט זיך איהם ניט טרייסטען געקענט האָבען דעם סימן, אַז יוסף לעבט און וואָרום האָט ער דערין אַזוי שטאַרק געצווייפעלט, אַז אפילו ווען מען האָט איהם אָנ־געזאָגט, אַז יוסף לעבט האָט ער אַלץ ניט געגלויבט: "ויפג לבו כי לא האמין להם" ?

זעהט עס טאַקע אויס, אַז ניט די זאָרג פאַר יוסף'ס פיזישען טויט האָט יעקב'ן געוואָרפען אין אַזאַ אומעט, נאָר די זאָרג פאַר יוסף'ס גייסטיגען טויט, פאַר זיין מיתת נשמה און ניט פאַר זיין מיתת גוף, און דערפאַר אפילו ווען מען האָט איהם שוין געבראַכט אַ לעבעדיגען גרוס פון איהם, און האָט געהאַט גענוג אורזאַכע צו גלויבען אין דער ריכטיגקייט דערפון, איז דאָס אָבער פאַר איהם נאָך אַלץ ניט געוועזן גענוג, כל זמן ער האָט זיך ניט איבערצייגט, אַז ער איז דער זעלבער אידישער יוסף, וואָס ער איז פריהער גע־וועזן אויך געבליבען אין מצרים...

און דערפאַר, אַז ווען זיינע קינדער זיינען געקומען און — "ויגידו לו לאמר עוד יוסף חי וכי הוא מושל בכל ארץ מצרים". יוסף לעבט און איז נאָך דערצו אַ גאַנצער שררה, מיינענדיג דערמיט צו אונטערשטרייכען דעם פאַקט, אַז כאָטש ער איז דאָרט אַזוי "עולה לגדולה" געוואָרען איז ער נאָך אַלץ פאַרבליבען "יוסף", איז טאַקע: "ויפג לבו כי לא האמין להם". דאָס האָט ער ניט געקענט גלויבען, צו זיין אין מצרים, און זיך נאָך אַזוי גרויס "אַרויפאַרבייטען", אַ מיניסטער געוואָרען, בעסער געזאָגט אַ "פריים מיניסטער" און דאָך בלייבען אַ איד... דאָס גלויבט זיך ניט אַזוי לייכט. און ערשט דאַן אַז —

"וירא את העגלות אשר שלח יוסף" און חז"ל קאָמענטירען איבער די דאָזיגע עגלות און זאָגען, אַז יוסף האָט דורך זיינע ברידער דערמאָהנט דעם פאָטער די פרשה פון עגלה ערופה, וואָס ער האָט מיט איהם געלערנט פונקט דעמאָלט ווען ער האָט איהם פארלאָזען, און אַז יעקב האָט דערזעהן, אַז זיין זוהן, דער מצרי'שער פריים מיניסטער געדענקט נאָך די תורה פונ'ם טאַטען, ערשט דאַן: "ותחי רוח יעקב אביהם", האָט יעקב'ס גייסט אויפגעלעבט. (עטוואָס עהנליכעס דערצו געפינט זיך אין "היהדות הלאומית" פון ר' י. ניסענבוים).

ערשט האָט יעקב אָנגעהויבען אָנערקענען און גלויבען, אַז די קערנער, וואָס ווערען מיט ריכטיגע אויפפּאַסונג פאַרזייהט אין דער יוגענט, ברייגנען פרוכט צו דער עלטער אפילו זייענדיג פאַרלאָזט פון די עלטערען און פאַרוואָרפען אין אַזאַ לאַנד ווי ערות מצרים און אפילו האָבענדיג אויפגעקומען אין דער דאָזיגער לאַנד און דערגרייכט צו אַזאַ גרויסע גדולה...

איז טאַקע, ווי געזאָגט, אין דעם דאָזיגען יוסף קאַפּיטעל פאַראַן גענוג שטאָף אויף צו צוקלאַפּען די פאַלשע אַרגומענטאַציע פון יענע אַמעריקאַנער טאַטעס, וועלכע גלויבען כלל ניט, אַז אַ גוטער אידישער חנוך אין דער יוגענט קען בייי־שטעהן זייערע קינדער ווען זיי ווערען עלטער, טראָצדעם וואָס זיי געפינען זיך אין אַזאַ מצרים — אַמעריקאַ לאַנד.

איז עסווירקליך אַ גוטע לעקציע פאַר די טאַטעס.
איז עס אָבער צו דער זעלבער צייט אויך אַ גוטע און וויכטיגע לעקציע פאַר די קינדער.

דיינקען פיעלע פון אונזערע קאַריעריםטען, אַז אום צו דערגרייכען אַ געוויסע קאַריערע, מוז מען זיך צום אַלעם ערשטען אָבזאָגען פון אידישקייט, ווייל אידישקייט שטעהט אין וועג, און אַסימילאַציע מאַכט פריי דעם וועג. קומט אָבער

דער זעלבער יוסף קאפיטעל און ווייזט ווי פאלש די טעאריע איז.

יוסף האט דערגרייכט צו זיין גלאַרייכע קאריערע, צום העכסטען אמט און כבוד צו וואס א מענש קען דערגריי־כען, נים צוליעב זיין מצרי'שע לאיאליטעט, נאר צוליעב זיין אידישקייט, וועלכע האט זיך פון איהם ניט אבגעטהאן אפילו אין זיין קעניגליכען פאלאץ. ניט זיין מצרי'שער נאמען "צפנת פענח" האט איהם געגעבען דעם כבוד נאר זיין אידישער נא־מען "יוסף". דער נאמען צפנת פענח, האט איהם פרעה גע־געבען ערשט דאן ווען ער איז שוין גרויס געווען.

מען קען אמת ניט פארלייקענען דעם פאקט, אז א גרויסען טהייל פון זיין גדולה איז צו פארדאנקען זיין גרויסען גייסטיגען באגאזש, וואס ער האט פארמאגט אויך אויף דעם געביט פון אלגעמיינע געלעהרזאמקייט, זייענדיג אן אינטעל־עקטועלע פערזענליכקייט באוואפענט מיט פילאלאגישע און אנדערע קענטניסע: האט אבער אט דער גאנצער באגאזש אן און פאר זיך אויך נאר צו פארדאנקען געהאט דעם חלק איד, וואס אין יוסף'ן און די קאאפעראציע פון יוסף'ס געטליכקייט.

אט וואס אונזערע חכמים האבען אונז צו זאגען וועגען יוסף'ס קענטניסע:

ר' חייא בר אבא זאגט אין נאמען פון ר' יוחנן: דע־מאלט ווען פרעה האט געזאגט צו יוסף'ן "ובלעדיך לא ירים איש את ידו" האבען פרעה'ס מיניסטארען איהם געפרעגט: סטייטש, ווי פאסט עס, אז א שקלאף, וואס זיין האר האט איהם געקויפט פאר צוואנציג זילבער זאל ווערען א מושל איבער אונז? האט פרעה געענטפערט: כ'האב אין איהם ענטדעקט מאיעסטעטישע אייגענשאפטען. האבען זיי ווידער געזאגט: אויב אזוי, טא דארף ער קענען אלע זיבעציג לשונות! איז געקומען דער מלאך גבריאל און האט איהם געגומען לערנען די זיבעציג לשונות, ס'איז אבער ניט אזוי לייכט צוגעגאנגען,

ביז דער מלאך האט איהם צוגעלייגט נאך אן "אות" פון גאט'ס נאמען צו זיין אייגענעם נאמען, פון "יוסף" האט ער געמאכט "יהוסף", ווי עס ווערט געבראכט צום אויסדרוק אין בעקאנ־טען פסוק: "עדות ביהוסף שמו"... און דאן האט שוין יוסף לייכט אויסגעלערנט אלע לשונות. צו מארגענס, ווען שפראך פרעה האט צו איהם גערעדט האט יוסף איהם גע־וואוסט צו ענטפערען, האט אבער יוסף צו איהם גערעדט אין לשון הקודש, האט פרעה ניט געוואוסט צו ענטפערען. פאר־לאנגט פרעה, אז ער, יוסף, זאל איהם די שפראך אויסלערנען, האט יוסף איהם געהרן געלערנט, פרעה האט אבער ניט גע־קענט איבערנעהמען. קומענדיג אין פארלעגענהייט האט פרעה פארלאנגט, אז יוסף זאל איהם שווערען, אז ער וועט קיינעם ניט אויסזאגען דערפון און יוסף האט געשווארען. נאכהער, אז יעקב האט פאר זיין טויט באשווארען יוסף'ן, ער זאל איהם פיהרען באערדיגען אין קברות אבותיו, און יוסף האט אויף דעם גרונט פארלאנגט פרעה'ס צושטימונג, האט פרעה, ניט האבענדיג קיין חשק דערצו, געהייסען יוסף'ן זיך מתיר שבועה זיין, האט איהם יוסף דארויף ערווידערט, אז אויב עס האנ־דעלט זיך אין מתיר שבועה זיין, קען איך זיך דאך אויך מתיר שבועה זיין אויף מיין שבועה צו דיר, צו האלטען סוד וועגען די שפראך פראגע... פרעה, ווערענדיג אזוי ארום צוגעדריקט צום וואנט, האט קיין ברירה ניט געהאט און געמוזט געבען זיין צושטימונג און האט געזאגט: "עלה וקבור את אביך כאשר השביעך". (ילקוט מקץ).

עס הייסט אלזא, אז נאר א דאנק דעם "שתוף שם שמים", די קאאפעראציע מיט די געטליכקייט, האט יוסף גע־קענט שטייגען אויך אויף די אנדערע געביטען פון געלעהר־זאמקייט.

און דאס דארף ניט באטראכט ווערען בלויז ווי א לעגענדע. ס'איז אין דעם דא זעהר פיעל אמת אפילו פאר

אונזער איצטיגען לעבען. עס איז אַ פאַקט אויך אין אונזער לעבען, אַז אונזערע אידישע קינדער מיט די "גמרא קעפּלאַך" צייכענען זיך פּראַצענט מעסיג פיעל מעהר אוים אין די גוי'אישע סקולס פאַר די ניט אידישע קינדער. קענטיג מאַקע, אַז דער "שתוף שם שמים", דער "אידישער" מוח פונקציאָנירט בעסער פאַר דעם ניט אידישען. פרעה מיט זיין "גוי'אישען קאָפּ" האָט ניט געקענט אויסלערנען יוסף'ס תורה, יוסף אָבער מיט זיין אידישען קאָפּ האָט פרעה'ס תורה יאָ געקענט אויסלערנען אפילו ווען זי האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף זיבעציג לשונות...

און אַז ס'איז געקומען די צייט, האָט יוסף אָבגעפייערט די קויל פון נצחון איבער פרעה'ן דוקא מיט דעם כח פון זיין אידישע קענטעניס...

און זאָלען אונזערע קינדער, וועלכע קוקען אוים פאַר קאַריערעס, לערנען דערפון, אַז וואָס מעהר אידיש זיי וועלען זיין, וואָס מעהר שם־שמים זיי וועלען איינפלעכטען אין זייערע נעמען, אַלץ בעסערע שאַנסען האָבען זיי פאַר זייער אַלגעמיינע ערפאָלגרייכע קאַריערע אין וועלכע זיי נויטיגען זיך אַ דאַנק די לעבענס באַדינגונגען אין די לענדער.

און זאָלען ניט דיינקען, ניט די טאַטעס און ניט די קינדער, אַז אידישקייט מיט וועלטליכקייט זיינען אַנטאַגאָניסטיש איינע צו די אנדערע און אז ס'איז ניט מעגליך צו באַווייזען ביידע זאַכען צוזאַמען, אי צו זיין אַ פרומער טראַדיציאָנעלער איד און גלייכצייטיג אויך זיין אַ מענש צו דער וועלט. דאָס איז דורכאוים פאַלש, און יוסף איז אַ לעבעדיגער היסטאָרישער ביישפּיעל פון דעם טיפּ איד, וואָס פון איין זייט איז ער העכסט פרום, אַ "איש אלקים", אַ בעל "רוח הקדש" און פון דער צווייטער זייט, אַ "פריים מיניסטער" און איז דער

טאָן געבער און פאַקטישער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער פיהרער פון די גרויסע לאַנד מצרים...

פּרעה אַליין האָט עס ווירקליך ניט געקענט פאַר־שטעהן, פאַר איהם איז עס טאַקע געווען רעטזעלהאַפט און ניט אומזיסט האָט ער זיך אַזוי שטאַרק געוואונדערט אין באַ־צוג צו יוסף׳ן, אַז ער האָט אויסגערופען: ״הנמצא כזה איש אשר רוח אלקים בו!״...

און ריכטיג טייטשט עס אָפּ דער ״כתב סופר״, אַז פּרעה האָט ניט פאַרשטאַנען ווי קענען די ביידע זאַכען געהן צוזאַמען. ווייל לויט פּרעה׳ס אויפפאַסונג איז אויסגעקומען, אַז אום צו זיין אַ מענש מיט אַ ״רוח אלקים״ דאַרף מען זיין אָבגעזונדערט פון דער וועלט און פּראַווען ״התבודדות״ ערגעץ אין די וועלדער, צו זיין אָבער אין דער זעלבער צייט אויך אַ וועלטליכער מענש, אַ פּאָליטיקער און אַן אויסגעצייכענטער עקאָנאָמיסט — דאָס האָט פּרעה ניט געקענט משיג זיין, און רופט דערפאַר אויס מיט באַגייסטערונג: ״אחרי הודיע אלקים אותך את כל זאת — אין נבון וחכם כמוך״, קוים באַזיצסטו אַלעס צוזאַמען איז טאַקע קיין צווייטער צו דיר ניטאָ.

יאָ, די פּרעה׳ס, די גוי׳אישע פּרעה׳ס פאַרשטעהען עס ניט אָבער די אידישע יוסף׳ס, וועלכע האָבען געלערנט די תורה פון יעקב׳ס חלום, זיי פאַרשטעהען יאָ, אַז דער זעלבער לייטער וואָס פון איין זייט איז ער ״מוצב ארצה״ קען ער פון דער צווייטער זייט זיין ״מגיע השמימה״...

די פּרשה פון היינטיגער וואָך קען ווירקליך דיע־נען אַלס לעקציע פאַר די פּרשה פון לעבען, אַ לעקציע פאַר ביידע עלעמענטען, פאַר אַלט און יונג, פאַר טאַטע און זוהן...



# ויחי

## אפרים ומנשה כראובן ושמעון יהיו לי

**שכל את ידיו — כי מנשה הבכור**
**(מח — יד)**

אין דער היינטיגער פרשה שפיגעלט זיך אָפּ אַ בילד פון דעם אַמעריקאַנעם אידישען לעבען, אַ סצענע פון וועלכע אידישע טאַטעס און מאַמעס האָבען פיעל צו לערנען אויף דעם ערציהעשען געביט פון זייערע קינדער. אויף אַנאַנדער פּלאַץ האָבען מיר אָנגעוויזען אויף דעם פאַקט, וואָס כמעט אויף אַלע טענות און קריטישע אויסזעצונגען, וואָס מיר האָבען צו אונזערע אידישע עלטערען אין דיעזע און עהנליכע לענ-דער, פאַר זייער פאַרנאַכלאַסיגונג און גלייכגילטיגקייט צו דער אידישער ערציהונג פון זייערע קינדער, הערען מיר שטענדיג איינעם און דעם זעלבען ענטפער אין פאָרם פון אַ פאַרטיידי-גונגס אַקט, וואָס דריקט זיך אוים אין דעם איינציגען וואָרט—

אַמעריקאַ!

אַמעריקאַ וואַרפט אַראָפּ אַלע שולדען פון די טאַטעס און מאַמעס, אַמעריקאַ כשר'ט זייער שטעלונג און איז מכפר אויף אַלע עונות פון דעם "על חטא שחטאנו בזלזול בנים ובנות".

ס'איז דאָך אַמעריקאַ — טענה'ן די אָנגעקלאָגטע עלטערען — וואו די לעבענס באַדינגונגען זיינען אַזעלכע, וואָס רויבען אַוועק די מעגליכקייט צו ערציהען קינדער אויף אַזאַ אופן ווי מ'האָט זיי ערצויגען אין דער אַלטער היים און אין ארץ ישראל. מען מוז זיך דאָך צו פּאַסען צו לעבען, מען מוז

דאָך מיטשווימען מיט׳ן שטראָם און זיך בויגען צו דער זייט וואו דער ווינט בלאָזט, מעג עס אפילו זיין אַ בייזער ווינט, וואָס פאַרטראָגט צו אלד׳רוחות...

די פאָדערונגען פון דעם היעגען לעבען, אַרגומענטירען זיי ווייטער, זיינען דאָך אַזעלכע, וואָס מיט׳ן בעסטען ווילען קען מען דאָך דעם קינד ניט איינשליסען אין די ד׳ אמות פון דעם אידישען בית המדרש און איהם אָבצאַמען פון דער דרויסענדיגער וועלט; מען מוז דאָך איהם געבען אַן אַלגעמיינע בילדונג, כדי ער זאָל טויגען צו דער וועלט, און קענען אויסשמידען זיין קאַריערע אויף צו פאַרזיכערען זיין עקזיסטענץ, און אויב עס קען ניט זיין דער "כולו לה׳", מוז שוין ממילא זיין דער "כולו לכם".

אָט דאָס זיינען אונגעפעהר די בעקאַנטע טענות מיט וועלכע די אַנגעקלאַגטע זוכען זיך ריין צו וואַשען, סיי פאַר אַנדערע און סיי פאַר זיך אליין.

קוקט עס פון אויבענאויף אויס, אַז די דאָזיגע טענות זיינען גערעכטע און מען קען זיי ניט אוועק מאַכען. איז עס טאַקע אָבער ניט מעהר ווי אויבערפלעכליך. אין גרונט גענומען, זיינען זיי גענצליך פאַלש. די באַשולדיגונג בלייבט אַלץ באַשולדיגונג, און ווען מיר גיבען אפילו צו, אַז אין אַזעלכע לענדער באַגעגענט די ערציהונגס פּראָבלעמע פיעל מעהר שוועריגקייטען ווי אין דער אַלטער היים אָדער א״י, מיינט עס נאָך אָבער אַלץ ניט, אַז אַ טראַדיציאָנעלע ערציהונגס מעגליכקייט איז דאַ אַבסאָלוט אויסגעשלאָסען, פון שוועריגקייט צו אוממעגליכקייט איז נאָך אַ היבשער מהלך, און ניט יעדער זאַך, וואָס איז קשה׳דיג מוז אויך בלייבען מיט אַ "תיובתא" אָדער "תיקו", די מעהרסטע שווערע פּראָבלעמען שניידען זיך דורך אַ וועג צו "ויש לתרץ", אין ערגסטען פאַל איז עס אַ "ויש ליישב בדוחק", אָבער אַ ישוב איז אַלץ פאַראַן...

די צרה איז נאָר, וואָס די רחבות'דיגע אַמעריקאַ איז ניט צוגעוואוינט צו קיין דוחק, מ'האָט ליעב אַ לייכטען לעבען, עס זאָל אָנקומען גרינג און זאָל אויסמיידין אונבאַקוועמליכקייט, אין מאַטעריעלען אַזוי גוט ווי אין גייסטיגען זין.

איך ווייס ניט ווי די זאַך ריכטיג צו ערקלעהרען. אַמאָהל שיינט עס מיר, אַז אַמעריקאַ איז טאַקע שולדיג אין אַלעם, איך מיין צו זאָגען, אַז זאָגאַר אין די דערמאָהנטע טענות כשהן לעצמן, איז אויך אַמעריקאַ שולדיג. אַמעריקאַ האָט באַשאַפען אַ באַזונדער אייגענאַרטיגע פּסיכלאָגיע אין דעם אידעען גאַנג פון איהר באַפעלקערונג, אַ פּסיכאָלאָגיע, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ מין עגאָאיסטישען שטאָלץ, וואָס שלאָגט זיינע וואָרצלען אין דעם אורשפּרינגליכען געבורט פון דעם אַמעריקאַנעם פאָלק.

אַמעריקאַ האָט אָנגעהויבען צו ווערען דאָס וואָס זי איז היינט, זינט זי האָט אָראָפּגעוואָרפען דעם הערשענדען יאָך פון דער אַלטער אירופּאַ. פון דעמאָלט אָן, האָט זיך אין איהר ענטוויקעלט דער געדאַנק פון זעלבסטשטענדיגקייט, און האָט געגרייכט צו אַזאַ מדרגה ביז צו פועל'ן ביי זיך, אַז די אַלע קשרים מיט דער אַלטער היים זיינען גענצליך פון איהר אָבגעשניטען. דאָרט איז אַלט און דאָ איז ניי, און דערפאַר — "וישן מפני חדש תוציאו".

און אָט דער פּסיכאָלאָגישער באַגריף האָט זיך אויסגעצווייגט און פאַרברייטערט אויף דעם גאַנצען שטח פון דעם אַמעריקאַנער לעבען און אויף אַלע זיינע געביטען, עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און קולטורעל, און האָט אויך איינגעדרונגען אין אַלע לאַגערען, אידען נאַטירליך, ניט אויסגעשלאָסען.

דערפון די פּוסטע גאוה און שטאָלצער עגאָאיזם פון וועלכע די דערמאָהנטע טענות זיינען אַ דירעקטער רעזולטאַט.

וואלט ניט געווען הערשען דער געפיהל, אז אמע־ריקא איז א באזונדער וועלט און געהר זיך ניט אן מיט דער אלטער וועלט, און וואלטען אמווייניגסטענס אונזערע אידען ניט אנגעווענדעט דעם "וישן מפני חדש תוציאו" אויף אלצ־דינג, וואס האט א שייכות מיט'ן עבר, דאן וואלטען זיי פון דעם עבר פיעל געהאט וואס צו לערנען. זיי וואלטען דאן אויס־געפונען, אז ס'איז בכלל "אין כל חדש תחת השמש", און אז דאס וואס פאסירט היינט איז שוין "כבר היה לעולמים", און אז אפילו די זעלבע אומשטענדען און לעבענסבאדינגונגען, וועל־כע דיענען פאר זיי אלס שויך־וואנט פאר אלע אנגריפע, האבען שוין אויך אמאהל פאסירט אין דער אידישער געשיכטע נאך אין דער סאמע ביבלישער עפאכע, און עס איז שוין דעמאלט ארויסגעגעבען געווארען אן ענטשיידונג אין דער זעלבער אנ־געלעגענהייט, אן ענטשיידונג, וואס שליידערט צוריק די אלע טענות, און ווייזט אן, אז אויך אין אמעריקא איז דער איד ניט קיין בן חורין זיך צו'פטר'ן פון זיינע ערציהונגס פליכטען צום יונגען דור.

עס איז דער אלטער ווארט, אז "געשיכטע ווידער־האלט זיך".

די היינטיגע פרשה איז, ווי אויבענגעזאגט, א הענ־ליכע בילד צו דעם, וואס דער אמעריקאניש אידישער לעבען שטעלט מיט זיך פאר.

אפרים ומנשה!

צוויי יונגע אידישע קינדער, וואס זיינען געבוירען געווארען אין מצרים, א מין אמעריקא פון היינט, און דארט ערצויגען געווארען אין אן אריסטאקראטיש־פרינצליכע אט־מאספערע. נו, געוויס זיינען זיי ניט געווען קיין אבגעשטא־נענע, האבען אודאי געטויגט צו דער וועלט, זיינען באזעסען א גרויסע מאס אלגעמיינע בילדונג, און זייענדיג נאהנט צו

זיין מאַיעסטעטישען הויף, זיינען זיי אויסערליך מסתמא אויך געווען אַנדערש ווי אַנדערע אידישע קינדער, וואָס האָבען ניט געוואוינט אין מצרים.

און אַז דער אַלטער זיידע איז געקומען אין מצרים, און האָט באַטראַכט זיינע אייניקלאַך, האָט ער זיי כמעט ניט דערקענט, און האָט פאַרוואונדערט געפרעגט:

"מי אלה" ?!

ווער זיינען זיי אָט די יונגעלייט, עפּעס גאָר ניט ווי יעקב'ס אייניקלאַך ? ...

און אַבוואָהל דאָ האָט זיך כלל ניט געהאַנדעלט וועגען זיי אַליין, די אורשפּרינגליכע אפרים ומנשה'ס, וועלכע זיינען געווים געווען הייליגע קינדער אַקוראַד ווי זייער טאַטע איז דאָס געווען. ווייסען מיר דאָך אָבער, אַז יעקב מיט זיין לעבען און זיינע האַנדלונגען איז אויך געווען דער סימבאָל פאַר די צוקונפטיגע דורות, אין אַנקלאַנג מיט דעם בעקאַנטען מאמר חז"ל, אַז: "מה שאירע לאבות אירע לבנים", און יעקב הפרטי, מיט זיין רוח-הקדש האָט אין זיך פאַרקערפּערט דעם יעקב הכללי פון די ווייטערדיגע גענעראַציאָנען. עס האָט זיך דעריבער פאַר איהם אָבגעשפּיגעלט דער ווייטער עתיד מיט די מאָדערנע מצרים'ס און די מאָדערנע בני יוסף, און אָט צו דעם עתיד איז געווען געריכטעט זיין הייליגער בליק אין זיין דערמאָהנטער פראַגע: "מי אלה — שאינם ראוים לברכה" ?

און ווען יוסף פּרובירט זיך פאַרטהיידיגען מיט זיין ערקלערונג: "בני הם אשר נתן לי אלקים ב ז ה", אין וועלכעם עס קלינגט אומגעפעהר די זעלבע טענה פון היינטיגע אַמעריקאַנער טאַטעס, נעמליך: ס'איז דאָך אַמעריקא, און מען קען זיך דאָך ניט העלפען... איז עס פאַר יעקב'ן ניט קיין גענוגענדע ערקלעהרונג, און ער ענטפערט אָפּ צוריק —

קחם נא אלי!

אויך דאָ אין מצרים (קרי: אמעריקא), איז נאָך ניט ניט אויסגעשלאָסען, אַז די אייניקלאך דאַרפען זיין גייסטיג אַוועק פון די אַלטע זיידעס, אויך דאָ קען אָנגעווענדעט ווערען דער ״קחם נא אלי״... און אויך דאָ דאַרף זיין ״אפרים ומנשה כראובן ושמעון יהיו לי״, אפילו די אייניקלאך דאַרפען אויך זיין ווי די זיהן אין וואָס אָנבעלאַנגט אידישקייט, כאָטש זיי זיינען שוין אַ דור ווייטער.

יאָ — קחם נא אלי, ווייל ניט נאָר דאַרף עס אַזוי זיין, נאָר אויך קען עס אַזוי זיין, אויב נאָר די ברכה און וואונש וועט אָנגעווענדעט ווערען אין יעקב׳ס גייסט, אויב עס וועט זיין אין אַנקלאַנג מיט יעקב׳ס —

ואברכם!

קוק זיך צו — זאָגט יעקב — צום כאַראַקטער פון מיין ברכה, און דו וועסט אין איהר געפינען ניט בלויז אַ ברכה, אַ באַגעהר און וואונש, נאָר אויך אַ שיטה, אַ לעבענס-פּראָג-ראַם, וועלכע יעקב דריקט אויס אויף אַ פּאָרטרעפליכען אופן אין זיין —

שכל את ידיו כי מנשה הבכור...

יעקב דער סבא ווייסט אויך, אַז מ׳דאַרף זיך רעכע-נען מיט דער צייט און מיט די אומשטענדען. ער איז ניט אויף אַזוי ווייט קאָנסערוואַטיוו אויף ניט צו קענען באַגרייפען די פאָדערונגען פון דעם פּראָגרעסיווען לעבען; ער, יעקב, ווייסט אויך פון דעם פסוק: ״אחוז בזה וגם מזה אל תנח ידך״, און מיינט דעריבער באין אופן ניט משנה זיין די מעשה בראשית. יעקב דער וועג מענש, וויל אָבער ווייזען דעם ריכטיגען וועג. ביידע זאַכען, די אידישע און די אַלוועלטליכע בילדונג דאַרף

מען טאקע האבען, מ׳דארף אָבער ניט מאכען דעם טפל פאר אַן עיקר און דעם עיקר פאר אַ טפל.

אפרים ומנשה, וועלכע, לויט חז״ל, דריקען אויסביידע זייטען פון לעבען, אפרים אלס דער תלמוד׳יסט, און מנשה דער ״מליץ״, אלס דער וועלטליכער מענש, זיינען ביידע נויטיג. נאָך מעהר: עס איז זאָגאר נויטיג, אַז אין איין פער־זאָן זאָלען פאַרקערפּערט ווערען ביידע חלקים, דער חלק אפרים און דער חלק מנשה, און דערפאר בענטשט ער טאקע ביידען ״איש כברכתו״, אָבער צו דער זעלבער צייט: ״ש כ ל את ידיו״, מ׳דארף אלעס טהאָן מיט שכל. אפרים דארף זיין דער עיקר און מנשה דער טפל, דעם חלק אפרים קומט די ב כ ו ר ה, ער קומט פריהער, און ערשט דערנאָך מנשה.

און ווען ער זעהט, אַז ביי די מאָדערנע טאטעס איז גאָר די זאַך פאַרקעהרט, מנשה ווערט גאָר דער בכור, דאָס וועלטליכע קומט פריהער, און אפרים׳ן לאָזט מען גאָר איבער אויף צום סוף; די ברכת מנשה וויל מען געבען מיט דער רעכטער האַנט, מיט דער פולער קראַפט, און ברכת אפרים מיט דער יד כהה, מען באַציהט זיך דערצו מיט שוואַכקייט— זעהט עס יעקב און פּראָטעסטירט העפטיג. ער ווייזט אָן, אַז דאָס איז ניט די ריכטיגע האַנדלונג.

שכל את ידיו — פאר וואס? ״כי מנשה הבכור״, ווייל ער זעהט, אַז מנשה ווערט פאַררעכענט פאר׳ן בכור, און אפרים איז עפּעס אַ מהיכי תיתי זאַך...

און דאַן קומט יעקב׳ס לאָזונג:

וישת אפרים לפני מנשה! דער חלק אפריב זאָל קומען פריהער. און — ״בך יברך ישראל״, אַזוי זאָל זיין די שיטה און לאָזונג אויך ביי די קומענדע דורות.

מעג זיך טאקע די סדרה ״ויחי״ רעכענען צווישען די שווערע סדרות, ווייל צו זיין ב א ר ץ מ צ ר י ם און דאָך

זאָל זיין ויחי יעקב, לעבען אַ יעקב-לעבען, איז טאַקע אַ גאַנץ שווערע סדרה, עס נויטיגט זיך דערצו אַ היבשע מאָס אידעאַליזם און ענטשלאָסענהייט, קוים אָבער איז די דאָזיגע ענטשלאָסענהייט פאַראַן, קומט מען דאַן אַריבער די אַלע שוועריגקייטען, און מען קען זיך גראַטולירען מיט אַ טרי־אומפפירענדען נצחון טאָן, מיט וועלכען אַזאַ שווערע סדרה ענדיגט זיך —

חזק חזק ונתחזק!



# ויחי

## השארת הנפש

### די סעודה פון חברה קדישה, איהר זין און כאראקטער.

מערקווירדיג: כמעט אין דער גרעסטער טהייל פון די אידישע קהלות אין אירופא און טהיילוויז אויך אין אמע־ריקא איז איינגעפיהרט, אז אין דער וואך פון פרשת "ויחי" מאכט די "חברה קדישא" א גרויסע סעודה, א מין יעהרליכען פעסט פאר אלע מיטגלידער איהרע, די וועלכע זיינען זיך א גאנץ יאהר מתעסק מיט די מתים "טהאן זייער רעכט" און מקבר זיין א. ד. ג.

לאזט זיך די דאזיגע זאך אביסעל נאכקלעהרען. פון איין זייט איז עס אביסעל מאדנע דער דאזיגער גאנצער ענין אן און פאר זיך, "מה ענין סעודה לבית הקברות" ? א סעודה מאכט מען געוועהנליך ווען עס איז א שמחה אבער צו פייערען די עראינערונג פון דעם טרויעריגסטען געגענשטאנד מיט הוליאנקעס קוקט עס אויס גאנץ פריקרע. די זעלבע פראגע קען אויך נאטירליך געשטעלט ווערען אין בּאצוג צו די "יאהרצייי־טען" פון צדיקים, וועלכע ווערען אויך באטראכט, איבערהויפט ביי חסידים, פאר א יום־טוב טאג, פאר א גאנצע שמחה, "ולשמחה מה זו עושה" ?

אויסערדעם איז עפעס דער נאמען "חברא קדישא" אויך ניט באזונדער גאנץ קלאהר. דער טויט באצייכענט איי־גענטליך דעם העכסטען אויסדרוק פון "טומאה", א מת ווערט באטראכט, לויט'ן אידישען דין, פאר "אבי אבות הטומאה" ווערענד "קדושה" איז א טערמין, וואס באצייכענט ממש

דעם היפך, דעם עקסטרעמען געגענזאַץ פון טומאה און במעט אומעטום וואו אונזער תורה דערמאָהנט "קדושה" ווערט דערביי דייטליך אונטערשטראָכען די אויסגעשלאָסענקייט פון טומאה; אַזוי צום ביישפּיעל ביי די טומאה פון כהנים אויף וועלכעם די תורת פאַרזאָגט שטרענג, ווערט עס מאָטיווירט מיט'ן מאָטיוו פון קדושה: "לנפש לא יטמא בעמיו — קדושים יהיו לאלקיהם" און ווי האַרמאָנירט אלזא א נאָמען פון קדושה, "ח ב ר ה ק ד י ש א" מיט אַזאַ חברה וואָס באַשעפ־טיגט זיך דורכאויס מיט טומאת מתים ?

און מאַכען מיר שוין אַיינווענדונגען איז שוין אגב אויך כדאי זיך אָבשטעלען אויף דעם נאָמען "ויחי", וואָס באַ־צייכענט דוקא דאָס לעבען און דאָך האָט מען נאָר צו די פּרשה און ניט צו די פּרשה פון "אחרי מות" צוגעפּאַסט דעם יום־טוב פון טויט ? . . .

אָט די דריי זאָנדערבאַרע ערשיינונגען, מאַכען א סעודה, רופען עס "קדושה" און צושטעלען עס דוקא צו די פּרשה "ויחי", מאַכט אונז צו פערטראַכטען ויך וועגען דעם גאַנצען ענין פון טויט אין ליכט פון דער אידישער אָבשאַצונג און טראַדיציאָנעלער אויפפאַסונג.

די לאָזונג פון "תחית המתים" איז אַ ריין אידישע. ביי אונז איז אמונה אין תחית המתים אַריינגענומען געוואָרען אין אונזער "אני מאמין" און בילדעט אַ טהייל פון דעם רמב"ם'ס י"ג עקרים. און אָבוואָהל דער פּשוט'ער מיינונג דער־פון מיינט טאַקע אַיינפאַך די אמונה, אַז די טויטע וועלען אַמאָהל לעבעדיג ווערען און דער וואָס לייקענט אין דעם קען ניט פאַררעכענט ווערען פאַר אַן עהרליכען אידען, אַ מאמין, מיינט עס אָבער סימבאָליש אויך די "תחיה" פון די "מתים" ניט נאָר ווען זיי וועלען אויפשטעהן פון זייערע קברים, ווען זיי וועלען שוין באמת ווערען אוים מתים נאָר אויך די תחיה

אין צייט ווען זיי זיינען נאָך פיזיש אמת'ע מתים. ת ח י ת ה מ ת י ם, ווען זיי זיינען נאָך מתים איז אויך דאָ אַ תחיה...

נאָך מעהר דערפון: די תחיה פון די מתים איז ערשט די אמת'ע תחיה, די ריכטיגע, ווייל די דאָזיגע תחיה וועלכע באַציהט זיך נאַטירליך אויף דער נשמה און ניט אויף'ן גוף, איז דויערהאַפטיגער, פערמאַנענטער. דער צווייטער עקזיסטענץ אין דעם עולם הנשמות איז אַן אייביגער, אַן אונ־ענדליכער, וועהרענד דער ערשטער עקזיסטענץ, דער "תחית החיים" איז ניט מעהר ווי אַ פּראָוויזאָרישער און אַ באַגרעניצ־טער און דויערט בלויז אַ זיבען אָדער אכט צעהנדליג יאָהר אויף אַ דורכשניטליכען אופן.

דער ערשטער עקזיסטענץ, וועלכען מיר באַצייכענען מיט'ן נאָמען "תחית החיים" איז אלזאָ ניט מעהר ווי א מין פאַר־ברייטונג צום צווייטען עקזיסטענץ, וואָס מיר רופען "תחית המתים", אַ געדאַנק, וועלכער ווערט אַזוי פאָרטרעפליך אויס־געדריקט אין "אבות" אונטער דעם זאַץ: "התקן עצמך בפרוזדור כדי שתכנס לטרקלין" (זאָלסט זיך פאַרברייטען אין קאָרידאָר אויף קענען אריינקומען אין פּאַלאַץ...) די וועלט אונזערע, ווערט לויט דעם מוסר באַגריף באַטראַכט אַלס אַ מין מאַרק, אַ יאַריד וואו מען קומט איינקויפען די סחורה און דעם פּראָפיט מאַכט מען ערשט ווען מען קומט צוריק אַהיים... און ממילא איז שויז אַזוי, אַז מען קויפט איין גוטע סחורה איז מען פרעהליך, טאָמער ניט ווערט מען פאַרשוואַרצט...

דער צדיק אַלזאָ, וועלכער האָט זיך אויף דער וועלט באַזאָרגט מיט די נויטיגע "סחורה", איז, קומענדיג "דאָרטען", פאַרשטעהט זיך, דער גרויסער עושר און יחסן און קען פון זיינע "פּראָצענטען", וואָס רופען זיך "זכיות" ניט נאָר פאַר זיך אַליין געניסען זאָנדערן קען אויך מזכה זיין זיינע גוטע פריינד, די וועלכע זיינען געוועזן נאָהנט צו איהם, "מקושר" אויף דער וועלט. די "אַקציעס" אויף "יענער וועלט" וואו קיין

פארלוסט איז גאר ניטא נאר בלויז פראפיט, שטייגען נאטיר־ליך מיט יעדען יאהר, ווייל די "פראצענטען" וואקסען. אט דער שטייגען רופט זיך אן "עלית נשמה". אט דערפון שטאמט עס די שמחה פון די "יאהרצייטען"...

דער טויט האט אלזא, ארויסגעהענדיג פון דיעזען שטאנדפונקט, צוויי זייטען פון דער מטבע, א ליכטיגע און א טונקעלע. עס ווענדעט זיך נאר ווי אזוי מען האט זיך דערצו פארברייטעט.

האבען טאקע אונזערע חכמים אויסגעקליבען דערי־בער דעם טויט אלס א מיטעל צום לעבען. זיי האבען געזאגט: "הרוצה שיחיה — ימית את עצמו", און געווים מיינט עס ניט בוכשטעבליך. עס מיינט אבער, אז ער זאל זיך דערמאה־נען אין טויט, אט ווי זיי זאגען אויף אן אנדער פלאץ: "יזכור לו יום המיתה", און דאן וועט ער פארשטעהן ווי אזוי צו לעבען.

קוים איז דער טויט א מיטעל צו תשובה, קריגט עס שוין א כאראקטער פון א מין "ראש השנה", וועלכער איז אויך א תשובה טאג און דאך ווערט ער באטראכט אלס א יום־טוב ווייל דער געפיהל פון תשובה, לויט דער אידישער אויפפאסונג, איז אן און פאר זיך אליין אויך א געפיהל, וואס דארף ברייננען א מענשען שמחה און פרייד. תשובה מיט עצבות איז ניט די ריכטיגע. די אידישע תשובה לאזונג איז: "עבדו את ה' בשמחה וגילו ברעדה"...

די סעודה פון "חברה קדישא" אין א באשטימטען טאג, וואס איז אבגעגעבען געווארען פאר דער עראינערונג פון טויט איז דעריבער אין פולע הארמאניע מיט'ן גייסט פון דיע־זער עראינערונג, וואס באצוועקט, ווי געזאגט, דעם "הרוצה שיחיה", עראינערונג פון טויט כדי צו וויסען ווי צו לעבען...

אַט דערפאַר די שייכות צו פּרשת "ויחי". ס'איז אַ לעבענס פּראָבלעמע און ניט קיין פּראָבלעמע פון טויט. עס איז די שטאַרקסטע דעמאָנסטראַציע פאַר דעם גלויבען אין אומשטערבליכקייט, פאַר די אמונה אין "השארת הנפש". מען דעמאָנסטרירט, אַז מיר שרעקען זיך ניט פאַר דעם טויט, ווייל לויט די דאָזיגע אמונה איז דאָס וואָרט "טויט" ניט מעהר ווי אַ "טויטער בוכשטאַב", ווערענדיג אין אמת פאַנגט זיך ערשט דאַן אָן דער אמת'ער לעבען. דערפון קומט אויך דער נאָמען "בית החיים" מיט וועלכען מען באַצייכענט אַ אידישען בית הקברות...

דעמאָנסטרירט מען דעריבער אויך מיט'ן נאָמען "חברא קדישא" דעם דאָזיגען געדאַנק ווי צו זאָגען, אַז דער טויט, אויף ווי ווייט ער האָט פאַר אונז אידען אַ באַדייטונג איז עס ניט דער חלק זיינער, וועלכער באַציהט זיך צום שטערבליכען קערפּער, וואָס איז באמת אַן "אבי אבות הטומאה" זאָנדערן דער חלק, וואָס באַציהט זיך צו דער אומשטערבליכער נשמה, וועלכעס איז דער יסוד פון קדושה...

* * *

"חברה קדישא" רופט זיך אָבער מיט נאָך אַ נאָמען, נעמליך: "גמלות חסד של אמת", און אויך צו דעם נאָמען האָט די סעודה און שמחה אַ נאָהנטע פערוואַנדשאַפט, און נאָך אַ נעהנטערע פערוואַנדשאַפט דערצו האָט די דאָזיגע סדרה ויחי.

אייגענטליך שטאַמט טאַקע דער גאַנצער נאָמען פון "גמלות חסד של אמת" פון דיעזער סדרה וואו יעקב אבינו האָט זיך באַנוצט מיט דיעזען אויסדרוק, ווען ער האָט באַרירט די אַרבייט פון דער חברה קדישא. ער האָט געזאָגט צו יוסף'ן:

"ועשית עמדי חסד ואמת". רש"י ז"ל באַמערקט דערביי, אַז דערפאַר האָט ער זיך אַזוי אויסגעדריקט, ווייל יעדער חסד, וואָס מ'טהוט מיט אַ טויטען איז אַ "חסד

של אמת" אנדערש ווי א חסד, וואס מ'טהוט מיט א לעבעדיגען וואו מען קען נאך ערווארטען אבגעדיענט צו ווערען פון יענעם אויף אן עהנליכען אופן. פונ'ם טויטען אבער קען מען אזעלכעם ניט ערווארטען, איז טאקע דער חסד אן אמת'דיגער, א ריינער חסד אהנע צו ערווארטען באלוינט צו ווערען דערפאר.

דער פאקט אבער, אז פאר יעדער מצוה ווערט א איד באלוינט פון גאט, ווייל "שכר ועונש" איז דאך אויך א עיקר און יסוד פון דער אידישער אמונה, דיעזער פאקט וואַרפט שוין א שאטען אויף רשי"ס ערקלעהרונג, ווייל קוים ווערט דער דאזיגער חסד, וואס ער טהוט מיט'ן מת באלוינט ווערען, ווי יעדער מצוה, פון גאט, איז עס דאך שוין ווידער ניט קיין ריינער חסד של אמת און אויב אפילו פונ'ם טויטען אליין קען ער גאר ניט ערווארטען קען ער דאך אבער ערווארטען א באלוינונג פון דעם לעבעדיגען גאט?

סיידען ער וואלט זיך פון גאט'ס באלוינונג אויך אנטזאגט, ווי מ'דערצעהלט אויף דעם בעל שם הקדוש, אז צוליעב א געוויסען פאל האט ער אמאהל "דערהערט" ווי מ'האט אין הימעל אויסגערופען, אז "ר' ישראל בן האדעל" (דער בעש"ט) האט אנגעוואוירען זיין חלק עולם הבא, האט זיין געזיכט אויפגעשטראהלט פון שמחה, האט אויפגעהויבען די הענט צום הימעל און געזאגט: "רבונו של עולם, איך דאנק דיר זעהר. איצט, אז קיין עולם הבא האב איך שוין אויך ניט, וועל איך דיר דאך שוין קענען דיענען מיט אן אמת, אהן פניות"...

יא, סיידען, אז מען האלט שוין ביי אזא מדרגה קען דער חסד מיט א טויטען באטראכט ווערען אלס א חסד של אמת אבער ניט ווען מען האט זיך נאך פון עולם הבא ניט אנטזאגט?

א שעהנע ערקלהרונג מאכט דערביי דער "כתב סופר". ער זאגט, אז אין אמת'ן איז פאראן צוויי סארטען בעלי גמלות חסד. פאראן אמאהל איינער טהוט חסד מיט א צווייטען נים ווייל ער וויל עס טהאן מיט'ן גאנצען הארצען נאר פשוט, ווייל ער שעהמט זיך פאר איהם אדער שעהמט זיך פאר אנדערע.

מ'דערצעהלט אויף ר' מאטלי טשארנאבעלער, אז ער איז איינמאהל פארביי געפאהרען, מיט זיינע מענשען, א געוויסע קרעטשמע און האט זיך דארט נים געוואלט אבשטעלען. דער ארענדאר אבער דערזעהענדיג דעם רבי'ן אנפאהרען, האט שטארק געבעטען איהם ער זאל אבשטייגען און אריין א ווײלע צו איהם אין הויז. דער רבי האט איהם נים געוואלט הערען און געהייסען דעם בעל עגלה אנטרייבען די פערד און פאהרען ווייטער. אז דער קרעטשמעניק האט דערזעהן ס'איז שלעכט און דער רבי איז שוין דערווייל אוועקגעפאהרען, האט ער אויסגעטהאן זיינע ארענדארסקע שטיבעל און געלאפען האסטיג ביז ער איז פארלאפען דעם רבי'ן דעם וועג און מיט א לאנגען מעסער האט ער איבערגעשניטען די לייצעס אזוי, אז דער רבי האט שוין קיין ברירה נים געהאט און געמוזט אריין צו איהם, און נאטירליך האט איהם דער ארענדאר זעהר שעהן אויפגענומען און געגעבען א שעהנע מטבע און נאכהער דעם רבי'ן באגלייט. אוועק פאהרענדיג, רופט זיך אן דער רבי צו זיינע מיטפאהרער: "זעהט איהר" — זאגט ער — אט נאך דעם גאנצען מסירות נפש פון דעם ארענדאר, אז איך זאל צו איהם אריינפאהרען, האט ער זיך אבער אין הארצען געטראכט, אז הלואי וואלט גאר דער רבי ארום דער קרעטשמע נים געפאהרען, נאר וואס פאר א פנים וואלט ער געהאט פאר אנדערע ארענדארעס, ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, אז דער רבי איז פארבייגעפאהרען זיין קרעטשמע און ביי איהם נים אבגעשטיגען...

יאָ, פאַראַן אַזעלכע, וואָס טוהען גוטע זאַכען אָבער ניט מיט'ן גאַנצען האַרצען, ממילא טהוט זיך עס ניט מיט שמחה. פאַראַן אָבער אַזעלכע, וואָס טוהען טאַקע מיט'ן גאַנ-צען האַרץ, יענע טהוען עס נאַטירליך מיט אַן אמת און אויך מיט שמחה. ביי די ערשטע איז אַלזאָ זייער חסד אַ "חסד של שקר", ווייל ס'איז ניט מיט אמת. ביי די צווייטע אָבער איז עס אַ "חסד של אמת".

יעקב אבינו מיט ווערמען יוסף האָט פאַר זיין לעבען אַזוי פיעל חסד געטהאַן האָט אָבער יענעם חסד ניט געקענט געבען קיין ריכטיגע אָבשאַצונג, ווייל יוסף אַלס "משנה למלך" וואָלט דאָך סיי ווי אַנדערש ניט געקענט האַנדלען, עס וואָלט דאָך ניט געפּאַסט פאַר פרעה'ן מיט די מיניסטאָרען, ווען ער וואָלט ניט גוט בעהאַנדעלט זיין פאָטער. דעם חסד אָבער פון "אל נא תקברני במצרים", דאָס האָט יעקב יאָ געקענט באַ-צייכענען פאַר אַ חסד של אמת, ווייל עס וואָלט פאַר יוסף'ן גראָדע שעהנער און גרינגער געווען צו באַערדיגען יעקב'ן אין מצרים און אַזאַ חסד צו טהאָן מיט יעקב'ן איז ווירקליך אַ חסד של אמת, ער טהוט עס מיט אַן אמת אָהן פניות.

און אויב זאַכען ווען זיי ווערען געטהאַן מיט אמת, ווערען זיי, ווי געזאָגט, אויך געטהאַן מיט שמחה, פאַסט זיך טאַקע צו פייערען מיט שמחה אַ סעודה פון "גמלות חסד של אמת", כדי צו דעמאָנסטרירען דעם כאַראַקטער פון די חברה, אַז זיי פאַרדינען דעם נאָמען "חסד של אמת" און אַ וואו אמת, דאָרט איז דאָ שמחה...

מנהג ישראל תורה הוא!



# שמות

## משה וישראל חד הוא

**וקראת לך אשה מינקת מן העבריות — — —**
**ויגדל משה ויצא אל אחיו.**
**(ב־ז־א)**

משה וישראל חד הוא!

"משה און ישראל זיינען איינס". משה איז ניט קיין אינדיווידועלע פּערזאָן, ער איז די פאַרקערפּערונג פון גאַנצען אידישען פאָלק און פון דעם שטאַנדפּונקט איז זיין אָפּשאַצונג נאַטירליכערווייזע אויך ניט קיין אינדיווידועלע. זיינע כאַראַקטער שטריכען זיינען די וועלכע דאַרפען דיענען אַלס סימבאָל פאַר דער גאַנצער אידישער אומה, ווייל —

משה וישראל חד הוא!

משה'ס געבורט און זיין ערשטע ענטוויקלונגס פּעריאָדע רעפלעקטירט אויף די לעבענס באַדינגונגען פון אידישען פאָלק וועמעס גרעסטער טהייל געהר צו דער גלות תקופה.

משה ווערט געבוירען אין דער פרעמד, אין מצרים, און ווערט ערצויגען אין אַ פרעמדע אַריסטאָקראַטישע אומגעבונג. בלויז דריי מאָנאַטען אַלט און ווערט שוין אָבגעריסען פון זיין אידישע מאַמע און פאַלט אַריין אַלס אַדאָפּטירטער אין די אָרעמס פון דער מצרי'שער פּרינצעסען וואו ער האָדעוועט זיך אויס ביז ער ווערט גרויס.

זיין לעבענס אטמאספערע אין זיינע יענע ערשטע בליהונגס יאהרען איז דורכאויס אונגינסטיג צו זיין אידישע אבשטאמונג, און זיך אסאמילירען אונטער אזעלכע באדינגונגען וואלט געווען ניט מעהר ווי א נאטירליכע ערשיינונג, סיי די אסימילאציע אין רעליגיעז-טראדיציאנעלען זין און סיי די פון נאציאנאלען זין.

די פאקטען זיינען אבער אנדערש. משה אסימילירט זיך ניט, בלייבט טריי אלע "קנינים רוחניים" פון זיין פאלק. זיינע רעליגיעזע באציהונגען צו זיין גאט און זיינע נאציאנאלע באציהונגען צו זיין פאלק בלייבען גאנץ, אונבאריהרט. די גוי'איש אריסטאקראטישע סביבה ווירקט גאר ניט אויף איהם. ער איז איינגעפלאנצט אויף א פרעמדען באדען, אבער ניט פון יענעם באדען ציהט ער זיין י נ י ק ה. ער וויל ניט זויגען פון א פרעמדע ניט אידישע ברוסט, מעג עס אפילו זיין פרינצעסישע מילך... און די גוי'אישע בת פרעה איז געצוואונגען צו ברייגגען א אידישע זויגערין, טאקע זיין אייגענע מאמע...

איז דאס נישט א לעבעדיגער פראטעסט געגען אונזערע אסימילאטארען פון אלע לענדער, וועלכע בייטען אויס די אידישע יוכבד'ס אויף די גוי'אישע בת פרעה'ס און זויגען דוקא די פרעמדע מילך? איז עס דען ניט א באווייז, אז לעבען צווישען גוים און דאך בלייבען אן אמת געטרייער איד, איז ניט א זאך דער אונמעגליכקייט? און קוים וועט מען זאגען, אז פון אזא פערזענליכקייט ווי משה קען מען קיין ראיה ניט ברייגגען, איז עס לחלוטין ניט ריכטיג, ווייל —

משה וישראל חד הוא!...

משה ווערט גרויס, האט שוין מעהר איינגעזאפט די מאיעסטעטישע הויף לופט, דוכט זיך די גאנצע צייט געווען לגמרי אבגעפרעמדט פון זיינע אידישע ברידער, שוין צייט

געוועז זאָגאַר צו פאַרגעסען, אַז מען שטאַמט אָפּ פון אידען, און דאָך —

ויגדל משה ויצא אל אחיו !

דער משה, וואָס האָט איינגעזויגען זיין מאַמעס אידישע מילך קליינערהייט קען ניט פאַרגעסען זיין אידישען ״איך״ גרויסערהייד...

ווי זאָגט ערגעץ דער תלמוד׳ישער רבי חנינא: ״חמין ושמן שסכתני אמי בילדותי הן עמדו לי בזקנותי״. (די הייסע וואַסער און אויל מיט וועלכע מיין מוטער האָט מיר מאַסשאַזירט אין מיין קינדהייט, האָט מיר פיעל בייגעטראָגען אין מיין עלטער...)

משה געהט ארויס צו זיינע ברידער און וואַרפט זיך גלייך אַריין מיט זיין גאַנצער נשמה צו העלפען זיי. ער שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר קיין קאַמפּף, איז פעהיג צו מלחמה אויך ווען נויטיג איז, און אין אַלע פאָרמען פון מלחמה סיי כלפי חוץ און סיי כלפי פנים. דער משה, וואָס צייגט זיך שפּעטער אַרויס צו זיין פעהיג צו פּאָליטישע מלחמות, צייגט זיך פריהער אַרויס צו זיין פעהיג צו פיזישע מלחמות. מיט׳ן פייער פון אידיש נאַציאָנאַלען פּאַטריאָטיזם וואַרפט ער זיך אַרויף אויף דעם מצרי, וועלכער האָט געוואָגט צו פּאָגראָמירען אַ אידען און באַצאָהלט איהם די העכסטע שטראָף.

משה קען אָבער קיין עולה ניט פאַרטראָגען אפילו ווען דאָס איז כלפי פנים, צווישען אייגענע אידען, און ווען ער זעהט אינערליכע רייבונגען, וואָס נעהמען אַן אַ ערנסטען כאַראַקטער, שווינט ער קיינעם ניט, און נעהמט זיך אָן פאַר דעם געקריוודעטען. מיט ביטערען פאָרוואורף אַטאַקירט ער דעם שולדיגען און שרייט אויס: ״רשע למה תכה רעך״ !

אָבער דאָ שלאָגט ער זיך אָן אין׳ם ריכטיגען שווער פונקט. די גוי׳אישע מלחמה האָט ער לייכטער געקענט געווי-

נען ווי די אידישע און וואלט ער ניט געווען פארראטען גע-
ווארען פון זיינע אייגענע אידען, פון זיינע אייגענע דתן
ואבירם׳ס, וואלט זיין וועג אין אויסערליכען קאמפף געווען
אן אויסגעטראטענער. ניט זיי, די אויסערליכע ניט-אידישע
שונאים, זיינען איהם געשטאנען אין וועג, נאר די אינערליכע
אידישע אינטיריגאנטען... זיי, האבען פאר איהם שווער
געמאכט דעם וועג פארטצוזעצען דעם קאמפף כלפי חוץ און
איז פאר א היבשער צייט געצוואונגען געווען אויפצוגעבען
זיינע אלע באפרייאונגס פלענער און אין גאנצען אנטלויפען
פון מצרים.

אט די לאגע, משה׳ס, איז זעהר סימבאליש פאר
משה׳ס פאלק. אויך היינט איז די זאך קלאהר פאר אונז, אז
ווען ניט די אינערליכע סכסוכים אונזערע, די פארטיי קאנפליק-
טען מיט די איפכא מסתברא׳ס פון אונזערע פארשיעדענע
פראקציעס, וואלט אונזער קאמפף פון דרויסען, מיט דער ניט
אידישער וועלט, פיעל לייכטער אונז אנגעקומען. די מכה
רייסט אבער פון אינעווייניג, פונקט ווי אין משה׳ס
פאל. ווייל —

משה וישראל חד הוא!...

* * *

און משה, ווי זיין פאלק, פאנגט אן זיין גלות לעבען.
אייגענטליך איז מצרים אליין אויך געווען פאר איהם א גלות,
ווייל אויך דארט האט ער דאך געלעבט אין א פרעמדע סביבה.
דארט אמווייניגסטענס האט ער אבער דאך געהאט א געזעל-
שאפטליכע סביבה, א פאמיליען קרייז, קומענדיג אין מדין,
איז ער שוין דערפון אויך אבגעריסען געווארען. אין קיין פאל
אבער האט דער גלות ניט געקענט אויסאיבען אויף איהם קיין
איינפלוס. אויך אין גלות מדין איז זיין נאבעלע נשמה ניט
פאר׳גלות׳ט געווארען. אויך דארט קעמפפט ער פאר הומא-
ניטעט, קען ניט פארטראגען קיין אומרעכט, דולדעט ניט קיין
עולות, און ווען ער זעהט, אז זיינע דעמאלט ווילד פרעמדע

יתרו׳ס טעכטער ווערען מיסהאַנדעלט פון שטאַרקערע פון זיי, ערשיינט ער באַלד אין געשטאַלט פון אַ באַשיצער זעהט ער, אַז: „ויבואו הרועים ויגרשום", איז גלייך: „ויקם משה ויושיען"...

משה איז ניט קיין נאַציאָנאַלער עגאָאיסט. זיין מיסיאָן איז די זעלבע ווי די מיסיאָן פון זיין פאָלק, נעמליך, צו פאַרשפּרייטען די פּרינציפּען פון גערעכטיגקייט צווישען די מענשהייט: „והיית לאור גוים" — דאָס איז זיינע און זיין פאָלק׳ס אויפגאַבע, און וואו מען קומט דאַרף מען אָט דעם פּרינציפּ דורכפיהרען אין דער פּראַקטיק.

אין מדין אַנטפּלעקט זיך פאַר משה׳ן דאָס ערשטע מאָהל די געטליכע נבואה, ניט אין ישוב נאָר אין מדבר און ניט אַלס קעניגליכער פּרינץ נאָר אַלס פּשוט׳ער פּאַסטוך... זעהר סימבאָליש. „אני אשכון את דכא"...

אָבער אויך דער גאַנצער אינהאַלט פון אָט די ערשטע נבואה ביים „סנה", איז זעהר סימבאָליש און כאַראַקטעריסטיש פאַר משה׳ס פאָלק.

צום אַלעם ערשטען דער סנה אַליין, דער נידעריגער פּראָסטסטער בוים, אַ דאָרען בוים און איז אַלס אַזעלכער מעהר ווי אַלע אַנדערע בוימער אונטערוואָרפען די סכנה פון פייער. משה זעהט אָבער צו זיין גרעסטע ערשטוינונג, אַז דער סנה איז אין גאַנצען איינגעהילט אין פלאַמען און דאָך ווערט ער ניט פאַרברענט...

גלייך שפּינט זיין פאַנטאַזיע אויס אַן אָרגינעלען פאַרגלייך פון דעם דאָזיגען סנה און זיין פאָלק ישראל. אויך זיין אידישער פאָלק איז ווי אַ דאָרען אין די אויגען פון זיינע שונאים, און לויט דעם ראַסען האַס און אַנטיסעמיטישע פאָראורטיילע געגען איהם מצד אַלע פעלקער, כמעט אָהן אויס־נאַהמע, וואָלט שוין דער דאָזיגער פאָלק לאַנג געדאַרפט

אונטערגעהן און פאלען א דארען-קרבן פון די גוי'איש רציחה'-שע פייערן. און דאך קוקט משה מיט זיין נביא'ישען בליק אין די ווייטע דורות פון דער אידישער געשיכטע און זעהט אלע פייערן, אלע פלאמען אין וועלכע דער סנה-פאלק איז איינגעהילט, אבער צו זיין ערשטוינונג זעהט ער אויך ווי דער קיום פון פאלק ווערט ניט געשעדיגט און בלייבט גאנץ.

משה וויל וויסען אט דעם דאזיגען סוד הקיום פון דער אידישער אומה און פרעגט ביי גאט: "מדוע לא יבער הסנה"? אין דער פראגע איז דייטליך אנגעוואונקען די רעט-זעלהאפטיגקייט פונ'ם סוד הקיום. משה דריקט זיך אויס "לא יבער" אין עתיד און ניט "לא בוער", ווייל, ווי געזאגט, ציעלט ער דערמיט זיך צו דערגרונטעווען דעם אייביגען עתיד פון זיין פאלק. אין וואס באשטעהט, וויל ער וויסען, דער כח פון זיין פאלק צו בלייבען דויערהאפטיג פאר אייביג?

און דער געטליכער ענטפער לויטעט: "אל תקרב הלום, של נעליך מעל רגליך כי המקום אשר אתה עומד עליו אדמת קדש הוא". (דערנעהנטער זיך ניט אהער, טהו אויס דיינע שיך, ווייל דער ארט איז א הייליגער).

אבער אייגענטליך קוקט דאך עס אויס צו זיין א תשובה שלא ממין הטענה. די פראגע פון "מדוע לא יבער הסנה" איז דאך נאך אלץ ניט פארענטפערט.

פאר משה'ן אבער, ווי עס שיינט, איז עס יא געווען א ריכטיגע תשובה. מעהר האט ער שוין זיין פראגע ניט ווי-דערהאלט.

יא, עס איז א קלאהרע און דייטליכע תשובה, און די תשובה ליגט טאקע אין די ווערטער: "כי המקום אשר אתה עומד עליו"...

אַט דער "אָרט" וועלכער, ווי מיר ווייסען, איז געווען "סיני" וואו שפּעטער איז דורך איהם, משה'ן, דאָרט געגעבען געוואָרען די אידישע תורה — דער אָרט, גיט דעם ריכטיגען ענטפער צום סוד הקיום פון דער אידישער אומה. די דויער־האַפטיגקייט פון ישראל ליגט אין זיין תורה. זיין לאַנד קען מען פאַרניכטען, אין גלות קען מען איהם טרייבען. זיין תורה אָבער קען קיינער ניט פאַרניכטען, קיין פייער קען אויף איהר ניט שולט זיין. ישראל נעהמט מיט זיין תורה אויך אין גלות און אין איהר ליגט דער סוד פון זיין אייביגקייט.

נאַטירליך, שטעהט אַמאָהל די תורה אויך אין סכנה, אָבער די סכנה איז אַן אינערליכע, ניט קיין אויסערליכע. ווען אידען אַליין פאַרלעצען איהר, זיינען מזלזל אין איהר קדושה, זיינען זיי נאַטירליך פּוגם אין איהר גאַנצקייט, אָבער אפילו אין אַזעלכע פעלע ווערט זי נאָר פערלעצט דורך יחידים אָבער ניט דורכ'ן גאַנצען פאָלק און אפילו ביי די יחידים גופא ווערט זי נאָר טהיילווייז פאַרלעצט אָבער עס בלייבען נאָך פון איהר הלקים, קאַפּיטלאַך, פסוקים און אותיות. וואָס האָבען נאָך זייער תקון.

רבי חנינא בן תרדיון, וועלכער איז געווען איינער פון די עשרה הרוגי מלכות, האָט אויף אַ פאַרטרעפליכען אופן אַרויסגעבראַכט דעם דאָזיגען געדאַנק אין זיין ענטפער צו זיינע תלמידים ווען יענע האָבען איהם געפרעגט, אין דער צייט ווען מען האָט איהם איינגעוויקעלט אין אַ ספר תורה און פאַר־ברענט, "רבי מה אתה רואה" ? (וואָס זעהסטו ?) און ער האָט געענטפערט :

"גוילין נשרפין ואותיות פורחות באויר" (די פאַר־מעט ווערט פאַרברענט אָבער די אותיות פליהען אין דער לופטען.)

ר׳ חנינא׳ס תלמידים, צוקוקענדיג ווי די תורה, וואָס דאָס איז דער איינציגער סוד הקיום פון פאָלק, ווערט אויך פאַר־ברענט, און קוקענדיג מיט זייער רוח הקדש בליק אין דער צוקונפט און זעהען ווי די שמירת התורה שטיהט אין סכנה, זיינען זיי געוואָרען פעסעמיסטיש און האָבען דעם רבי׳ן גע־פרעגט: וואָס זעהסטו? ווי אַזוי קענסטו, רבי, זעהן דעם סוד הקיום פון פאָלק אָהן אַ תורה?

ר׳ חנינא ענטפערט זיי אָבער, אַז ס׳איז ניטאָ קיין אורזאַכע צו בלייבען פאַרצווייפעלט. ער זאָגט: איך זעה אויך ווי די תורה ברענט, איך זעה אָבער בלויז ווי די פאַרמעט ברענט. די פאַרמעט, וועלכע דיענט אויפצוהאַלטען די גאַנ־צקייט פון דער תורה, דאָס ברענט. אַ גאַנצע תורה וועט זיין שווער צו געפינען אין די שפּעטערדיגע דורות אָבער ״די אותיות פליהען אין דער לופטען״, אותיות׳ווייז וועט די תורה יאָ אויסהאַלטען. ביי איין אידען וועט אַריינפליהען דער אות, ביי אַ צווייטען אַנאַנדער אות און דער פאָלק אַלס גאַנצעס וועט זיך אייביג האַלטען מיט זיין תורה און דאָס וועט איהם שוין געבען דעם זכות הקיום.

יאָ, המקום אשר אתה עומד עליו. דער אָרט, סיני, רעפּרעזענטירענדיג די תורה, דאָס איז דער ענטפער צו די פראַגע: מדוע לא יבער הסנה...

און גלייך אויפ׳ן שטעל ווערט איהם אָנפאַרטרויט ביידע אויפגאַבען, די נאַציאָנאַלע און די רעליגעזע, בעפרייען דעם פאָלק פון מצרים און געבען דעם פאָלק די תורה.

משה דער נאַציאָנאַלער קעמפּפער פון איין זייט און דער טראַדיציאָנעלער איד, וואָס זויגט ניט פון קיין גוי׳אישע ברוסט, פון דער צווייטער זייט, איז דער איינציגער, וואָס פּאַסט זיך פאַר די דאָפּעלטע אויפגאַבע. פון איין זייט:

"לכה ואשלחך אל פרעה והוצא את עמי בני ישראל ממצרים". און פון דער צווייטער זייט:

"בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה".

און אזוי האָט זיך אין משה'ס ערשטען אויפטריט אַלס נביא אָבגעשפיגעלט די אידישע לאַגע עד סוף כל הדורות. ווייל —

משה וישראל חד הוא!...

ד' לשונות של גאולה:

והוצאתי, והצלתי, וגאלתי, ולקחתי!



# וארא

## ארבע לשונות של גאולה

**והוצאתי, והצלתי, וגאלתי, ולקחתי!**

דער מדרש (ויקרא פ׳ ל״ב) זאָגט: ״בזכות ד׳ דברים נגאלו אבותינו ממצרים״, פיער זאַכען האָבען געהאָלפען צו ברענגען די גאולה אין מצרים. 1) שלא שנו את שמם (זיי האָבען ניט געענדערט זייערע נעמען). 2) שלא שנו את לשונם (זיי האָבען ניט געענדערט די שפּראַך). 3) שלא היתה ביניהם לשון הרע (זיי האָבען ניט גערעדט קיין לשון הרע איינער אויף׳ן אַנדערען). 4) שהיו גדורין בעריות (זיי האָבען געצאַמט זייערע ליידענשאַפטען.)

די היסטאָרישע ערפאַרונג אַזוי גוט ווי דער פּראַק־טישער לעבען בעווייזען, אַז איינע פון די הויפּט סבות, וואָס מאַכען שווער פאַר אַ פאָלק זיך אָבצוריסען פון די גלות קייטען און ווערען נאַציאָנאַל זעלבסטשטענדיג איז, די אינערליכע שוואַכקייט, דער אינערליכער ספּליט, וואָס צוטהיילט דעם פאָלק אין פּאַרטייען און אין שיכטען און רויבט פון איהם אַוועק די איינהייטליכקייט, זיין אחדות. דער פאַקט האָט זיך בולט אַרויסגעשטעלט ביים חורבן בית שני ווען שנאת חנם איז גע־וואָרען די לאָזונג אַלס אָנגעגעבענער מאָטיוו פאַר דעם חורבן, און דער זעלבער פאַקט שטעלט זיך אויך אַרויס אין אונזער געגענוואַרטיגען לעבען ווען די פּאַרטייליכע מיינונגס פאַר־שידענהייטען שטערען אונזער נאַציאָנאַלען פּראָגרעס אויף טריט און שריט.

אונזערע חכמים האָבען געזאָגט: "אתם קרוים אדם ולא אומות העולם קרוים אדם". און דאָ איז, לויט דעם קאָמענטאַר פון מאָנכע גדולים, אָנגעשלאָגען געוואָרען דער טאָן פון דער אחדות מיסיאָן, וועלכער איז אין אמת'ן מעהר אָנגעמאָסטען פאַר דעם עם ישראל ווי פאַר אַנדערע פעלקער דערפאַר ווייל זייגע, דעם עם ישראל'ס אמונה, איז דאָך אַן אמונה פון אחדות: "ה' אלקינו ה' אחד" און דאָרטען וואו עס איז פאַראַן אַ: "אתה אחד ושמך אחד" איז שוין אויך גרינג עס זאָל זיין אַ: "ומי כעמך ישראל גוי אחד"...

די חכמים, וועלענדיג אָנוואונקען אויף אָט דער ער־האַבענער מיסיאָן פון אחדות, האָבען דערפאַר סימבאָליש צו־געפּאַסט דעם טערמין פון "אדם", וועלכער האָט בלויז דעם פאָרם פון יחיד און ניט פון רבים, מען קען ניט מאַכען פון אדם דעם רבים פון "אדמים" אַזוי ווי עס קען געמאַכט ווערען פון די אַנדערע טערמינען ווי אנוש — אנשים; איש — אישים; גבר — גברים. און דאָס איז סימבאָליש פאַר אחדות, אַז דער רבים זאָל אויך פאָרמולירט ווערען אין אַ יחיד, און— "אתם קרוים אדם ולא אומות העולם"... פאַר אייך אידען איז דער טערמין פון אדם מעהר אָנגעמאָסטען ווי פאַר אַנ־דערע דערפאַר וואָס איהר האָט זיך אויסגעוויעגט אין דער וויגעלע פון אחדות האמונה.

און וואָלטען מיר געהעריג דורכגעפיהרט אונזער אחדות מיסיאָן פון "אדם" וואָלטען מיר טאַקע געווען אמת'ע בן אדם'ס און ניט קיין פאַרשקלאַפטע גלות נשמות, וואָס אַנ־שטאָט אדם ליגט מען גאָר אין דער אדמה...

אָט דער וואונק איז אָנגעדייטעט געוואָרען אין דעם ציטירטען מדרש, אַז איינע פון די זאַכען, וואָס האָבען געהאָל־פען ברענגען די גאולת מצרים איז געווען: "שלא שנו את שמם". זיי האָבען געטראָגען אַזאַ נאָמען, וואָס קען זיך ניט ענדערען פון יחיד אין רבים — אדם... ווייל עס איז ביי זיי

קיין רבים ניט געווען, אַלע זיינען געווען פאַראייניגט ווי איין מענש...

אויב אָבער אחדות איז, ווי געזאָגט, אַ שטודיום און איז היבש אָנגעוויזען אויף יענעם עלעמענט, וועלכער האָט דערין מעהר אַקעדעמישע ערפאַרונג, איז ממילא זעלבסט פאַר־שטענדליך, אַז בשעת מען טרעט צו צו די פּראַקטישע דעאַלי־זירונג דערפון, דאַרף זיך די דאָזיגע פּראַקטיק אָנפאַנגען פון זיך אַליין איידער זי ווערט אָנגעווענדעט אויף אַנדערע. עס דאַרף זיין פריהער דער אחדות פון "זיך מיט זיך" און ערשט דערנאָך פון "זיך מיט אַנדערע". דייטליכער געזאָגט: דער מענש, וואָס שטרעבט צום אידעאַל פון אחדות, דאַרף צום אַלעם ערשטען אַפּעלירען די אחדות אויף זיין אייגענעם "איך". ער אַליין זאָל זיין ביי זיך פאַראייניגט. ער זאָל מאַכען אחדות און שלום צווישען די אָרגאַנישע טהיילען פון זיין איי־גענעם קערפּער. דער מויל צום ביישפּיעל זאָל זיין פאַראייניגט מיט זיין האַרץ, עס זאָל ניט זיין ביי איהם קיין "אחד בפה ואחד בלב" נאָר "פיו ולבו שוין"; און קוים מאַכט ער די נוי־טיגע עקספּערימענטאַלע איבונגען אויף זיך אַליין, מאַכט ער דאָמיט דורך דעם אחדות־קורס און קען שוין נאָכהער מיט די דאָזיגע ערפאַרונג לייכט אָנווענדען די זעלבע זאַך אויף אַנ־דערע.

אָט דערפאַר האָבען די חז"ל קאָמענטירט אויף דעם פּסוק אין תהלים: "בקש שלום ורדפהו" און האָבען געזאָגט: "בקשהו ממקומך ורדפהו ממקום אחר", פריהער שטרעב און זוך דעם שלום פון דיין אייגענעם אָרט, פון זיך אַליין, און נאָכהער וועסטו איהם נאָכיאָגען און דערגרייכען פון אַן אַנדער אָרט...

און אויב די גאולה אידען אין מצרים האָבען זיך פאַרפאַלקאָמט אין דעם "שלא שנו את שמם", דער "רבים"

איז ביי זיי געוואָרען אַ "יחיד", האָט דאָס נאָר געמוזט זיין אַ נאַטירליכער רעזולטאַט פון דעם:

"שלא שנו את לשונם"...

עס איז ביי זיי קיין צוויי שפּראַכען ניט געווען, אַ מין "אחד בפה ואחד בלב". עס איז געווען אַן אָרגאַנישער אחדות ביי יעדער אינדיווידיום און אָט דער "שלא שנו את לשונם", דער אחדות "פון זיך מיט זיך" האָט געבראַכט צום "שלא שנו את שמם", צום אחדות "פון זיך מיט יענעם".

דער אורשפּרונג פון די דאָזיגע לעהרע איז נאָך סימבאָליש אָנגעדייטעט געוואָרען צו אברהם אבינו ביים "ברית בין הבתרים", ווען אברהם האָט געפרעגט: "במה אדע כי אירשנה", און האָט געוואָלט וויסען דעם סוד, וואָס קען ברענ־גען זיינע קינדער די גאולת הארץ. גאָט האָט איהם געהייסען נעהמען אַ קאַלב, אַ ציעג, אַ באַראַן און אַ טויב. אַלע פון זיי האָט אברהם צושניטען אין דער העלפט און בלויז די טויב איז געבליבען גאַנץ: "ואת הצפור לא בתר". אָט דאָ איז דער רמז אויף די כנסת ישראל, וואָס איז געגליכען צו אַ טויב (עיניך יונים), אַז איהר "כי אירשנה", איהר גאולה, קען נאָר דעמאָלט קומען ווען זי צושניידט זיך ניט און צוטהיילט זיך ניט אין קיין באַזונדערע חלקים...

די דריטע זאַך אַלס גורם צו דער גאולה איז געווען, ווי אויבען ציטירט, דאָס וואָס ביי זיי איז קיין לשון־הרע ניט געווען. געוויס, אַ וואו מען לעבט זיך אין שלום און אין אחדות דאָרט אינטריגירט מען ניט איינער דעם אַנדערען. און אויך אויף דעם האָט סימבאָליזירט דער "צפור" פון דעם "ברית בין הבתרים". חז"ל זאָגען, אַז אויף די זינד פון לשון־הרע קומט די שטראָף פון "צרעת". אַ מצורע דאַרף ברענגען "צפרים" אַלס קרבן צו רייניגען זיך פון זיין טומאה. דאָרט אָבער וואו ס'איז קיין לשון־הרע ניטאָ, איז קיין צרעת ניטאָ

און ממילא בלייבען די צפרים גאַנץ, מען צושניידט זיי ניט אַלס קרבן — ואת הצפור לא בתר...

דער פערטער גורם צו דער גאולת מצרים, איז, ווי געזאָגט, געווען "שהיו גדורין בעריות", אַ ריינער מאָראַלי־שער לעבען. אויך דאָס איז זעהר סימבאָליש פאַר אַ גאולה. דער אונמאָראַלישער לעבען מיינט, צו האָבען אַ פאַרקעהר מיט פרעמדע... אַ ריכטיגע רעפלעקציע פון דעם גלות לעבען, וואָס מיינט אויך, לעבען מיט פרעמדע און ניט מיט זיך אַליין. דער מאָראַלישער לעבען אָבער ערציהט דעם מענשען צום געדאַנק, אַז מ'דאַרף האָבען די אייגענע פיער ווינקעלאַך און ניט הענגען אויף פרעמדע טיהרען. אַזאַ געדאַנק ווערט קאָנ־סעקווענציאָנעל טראַנספאָרירט פונ'ם אינדיווידועלען לעבען צום נאַציאָנאַלען און עס ווערט דערוועקט דער געפיהל ניט צו פאַרקעהרען מיט אַנדערע אויך אין נאַציאָנאַלען זין און שטרע־בען צו אַ גאולה, וועלכע וועט פאַרזיכערען די אייגענע נאַצי־יאָנאַלע פאַמיליען היים.

די מוטיב פון ברית בין הבתרים איז אַמבעסטען אָנ־געמאָסטען פאַר דיזען געדאַנק אין אַנקלאַנג מיט דעם בע־קאַנטען מאמר חז"ל, אַז דערפאַר זיינען די אידען געגליכען צו אַ יונה, ווייל אַזוי ווי דער נאַטור פון די יונה איז, זיך ניט צו פאַארען מיט אַנדערע נאָר מיט איהר בן־זוג, אַזוי איז אויך די כנסת ישראל.

דאָס איז זיך כפשוטו. כמדרשו, אָבער, טראַנספאָ־רירען די גדולי המפרשים ("עוללות אפרים" חלק ב', מאמר כ"ג) דעם געדאַנק פון "עריות" אין דעם געדאַנק פון "גאוה", שטיצענדיג זיך אויף דעם מאמר הגמרא: "כל המתגאה כאלו בא על כל העריות". עס הייסט אַלזאָ, אַז דער דור הגאולה אין מצרים איז געווען ווייט פון גאוה און ווייל עס איז דאָך "אני אשכון את דכא" דערפאַר האָט די שכינה כביכול מקיים געווען די הבטחה צו יעקב'ן: "ואנכי אעלך גם עלה".

דער צפור פון בין הבתרים איז אין אַנקלאַנג דער־
מיט אויך דער סימבאָל פון ענוה, ווייל צווישען די זאַכען אויף
וועלכע צרעת קומט איז אויך גערעכענט "גסות הרוח" און
ווען עס איז קיין גאוה ניטאַ איז קיין צרעת ניטאַ, איז ווידער
ניט נויטיג קיין צפרי מצורע, בלייבט דער צפור גאַנץ — ואת
הצפור לא בתר...

* * *

אויב אָבער אין דער צייט פון גאולת מצרים זיינען
די אידען געווען באַצירט מיט די אַלע גוטע אויסגערעכענטע
זאַכען, דאַרף מען אָבער ניט פאַרגעסען, אַז זיי האָבען דערצו
דערגרייכט ערשט נאָך אַ פּראָצעס פון צוויי הונדערט מיט
צעהן יאָהר, וואָס דער גלות האָט זיי אויסגעלייטערט און זיי
דערהויבען צו אַזאַ מדרגה. פריהער אָבער, ווען משה האָט
זיי קענען געלערנט אין זיין יוגענט האָט ער דוקא אויסגע־
פונען, אַז עס פעהלט זיי די אַלע אויסגערעכענטע זאַכען און
זיי באַזיצען ניט איינע פון זיי.

ניט אומזיסט האָט משה צו יענער צייט אויסגע־
שריען מיט ביטערניש: "אכן נודע הדבר!" עס איז איהם
דעמאָלט קלאָהר געוואָרען די סבה פון גלות זעהענדיג, אַז עס
פעהלט זיי אַלע נויטיגע גורמים צו אַ גאולה.

פון איין זייט זעהט ער "שני עברים נצים", צוויי
אידען קריגען זיך, פעהלט דאָך ביי זיי אחדות האומה, און
אַז ס'איז ניטאַ קיין אחדות "פון זיך מיט יענעם" איז דאָך אַ
באַוויז, אַז ס'איז אויך ניטאַ קיין אחדות "פון זיך מיט זיך"...
דאַן זעהט ער, אַז מען טראָגט אונטער אַ מסירה אויף איהם
צו פרעה'ן פון וועלכע ער איז טאַקע געצוואונגען געווען
אַנטלויפען פון מצרים, איז דאָך דאַ צווישען זיי לשון־הרע
מיט מלשינות. ווען איינער פון די צוויי קריגענדע אידען
שרייט צו איהם אוים: "מי שמך לאיש שר ושופט עלינו".

איבערצייגט ער זיך אין זייער גאוה. ווייל דער וואָס ער איז אַן ענו זעצט אויס חסרונות בלויז אויף זיך אַליין אָבער ניט אויף אַן אַנדערן. משה דער ענו פרעגט: "מי אנכי כי אלך אל פרעה", ווער בין איך?... יענער פאַרשוין אָבער פרעגט ניט "מי אנכי", ווער בין איך, נאָר "מי שמך", ווער ביסטו?...

איז אָבער פון דאַן אַן ביז די צייט פון "סנה" פאַר־לאָפען שוין אַ היבש ביסעל יאָהרען, און אין דער צייט האָט זיך שוין אַלעם געענדערט צו גוטען.

איצט, אַז משה פרעגט: "וכי אוציא את בני ישראל ממצרים"? מיינענדיג דערמיט, אַז די אידען, לויט ווי ער געדענקט זיי פון פריהער, זיינען ניט ראוי צו אַ גאולה, ווייל עס פעהלט זיי די אַלע אויסגערעכענטע גאולה מכשירים. ענט־פערט איהם גאָט קורץ: "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה" און מיט די "רעפערענס" צום באַרג סיני איז געווען אַ וואונק אויף דריי פון די פיער דער־מאָהנטע גאולה אינסטרומענטען. דער הר סיני, ווי באַוואוסט, איז דער סימבאָל פון ענוה (זעה דעם מאמר חז"ל אויף'ן פסוק: למה תרצדון הרים גבנונים); סיני איז דער סימבאָל פון אחדות האומה (זעה דעם מאמר חז"ל אויף דעם פסוק ויחן במדבר סיני. ביי אַלע מסעות שטעהט ויחנו לשון רבים און ביי סיני ויחן לשון יחיד סימבאָליזירענדיג די אַחדות האומה.) און אַז ס'איז דאָ אחדות האומה איז דאָך שוין פריהער געווען דער אינדיווידועל־אָרגאַנישער אחדות. אַזוי אַז פון דעם וואונק פון סיני איז געווען אַ פאַרזיכערונג צו משה'ן אויף דריי פון די פיער דערמאָהנטע זאַכען צו וועלכע די אידען האָבען שוין דערגרייכט.

וואָס אַנבעלאַנגט ווידער די פערטע זאַך, נעמליך לשון־הרע, וואָס דאָס איז אייגענטליך געווען דער שווער־פונקט פאַר משה'ס אומקעהרען זיך קיין מצרים, ווייל צוליעב דעם

איז ער דאָך געצוואונגען געווען צו אַנטלויפן — דערויף האָט איהם גאָט געגעבען דריי סימבאָלען צו פאַרשטאַרקען דעם גלויבען, אַז אויך דער איבעל איז שוין באַזייטיגט. צו ערשט דער וואונדער מיט׳ן שלאַנג-שטעקען. דער שלאַנג איז דער סימבאָל פון לשון-הרע, ווי חז״ל פאַרבינדען עס אויף אַ פאַר-טרעפליכען אופן מיט׳ן פסוק: ״מה יתן לך ומה יוסיף לך לשון רמיה״... און משה זעהט, אַז דער שלאַנג ווערט אויס שלאַנג און ווערט אַ שטעקען ווי צו זאָגען, אַז דער לשון-הרע שלאַנג פון אַמאָהל איז שוין איצט פאַרשוואונדען און שטום ווי אַ שטעקען.

דאָס צווייטע, דער וואונדער מיט די קרעציגע האַנט: ״ויוציאה והנה שבה כבשרו״ טאַקע פריהער געווען מצורע׳-דיג, דער סימבאָל פון לשון-הרע, וואָס זיין שטראָף איז צרעת, איצט אָבער איז שוין די צרעת צוזאַמען מיט די לשון-הרע אַוועק און פאַרשוואונדען.

דאָס דריטע, און די הויפט זאַך: ״כי מתו כל האנשים המבקשים את נפשך״, יענע לשון-הרע׳ניקעס זיינען שוין אויס-געשטאָרבען און מיט זיי איז די גאַנצע לשון-הרע אָב-געשטאָרבען.

און אַז אַלע איבלען זיינען שוין באַזייטיגט, די אידען האָבען זיך שוין געלייטערט און באַזיצען שוין די נויטיגע פיער אויסגערעכענטע זאַכען, האָבען זיי שוין די נויטיגע גאולה אינסטרומענטען צו דיענען דעם צוועק פון זייער ערלייזונג.

פיער הויפט סבות צו דער גאולה און אַנטקעגען זיי די פיער לשונות פון גאולה:

והוצאתי — והצלתי — וגאלתי — ולקחתי!



# בא

## ארבעה בנים

**והגדתי לבנך ביום ההוא — —**
**והיה לך לאות על ידך ולזכרון בין**
**עיניך למען תהיה תורת ה׳ בפיך.**
**(יג — ח־ט)**

אַט די צוויי טעקסט פסוקים, וועלכע שטעהען אין דער היינטיגער פרשה איינער לעבען אַנדערען, זיינען סימבאָליש ווי אַנגעמאָסטען פאַר אונזערע היינטיגע קינדער, הויפּטזעכליך פאַר די אַמעריקאַנער קינדער.

לויט די קלאַסיפיצירונג פון דעם בעל "ההגדה" מיט די "ארבעה בנים" קומט אוים דער חשבון, אַז יעדער "בן" פון די פיער האָט צו זיך אין פאַרעלעל אַ בן זוג, וועלכער איז זיינער אַ כנגד. עס איז "כנגד ארבעה בנים דברה תורה", יעדערער פון זיי האָט זיך זיין כנגד, זיין "אפּאונענט", גאָר גוט מיט גאָר שלעכט, ווייניג גוט מיט ווייניג שלעכט. אַזוי צום ביישפּיעל איז דער "חכם" גאָר גוט האָט ער זיין "כנגד", דעם "רשע" גאָר שלעכט; דער "תם" ווידער, וואָס איז ניט אַזוי גוט ווי דער חכם האָט זיך זיין כנגד דעם "שאינו יודע לשאול", וואָס איז ניט אַזוי שלעכט ווי דער רשע.

על כל פנים, פון די דאָזיגע צוויי זוגות, שטעלען זיך אַוועק דער חכם מיט דעם תם — רעכטס, און דער רשע מיט דעם שאינו יודע לשאול — לינקס.

און כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אונזער ציטירטער טעקסט פּסוק: "והגדת לבנך" ווערט, לויט דעם אַנאַליז פון אונזערע חכמים, אין גאַנצען געווידמעט צו די צוויי פון לינקס, דעם רשע מיט דעם שאינו יודע לשאול.

וועגען דעם לעצטען זאָגט דער בעל ההגדה:

"ושאינו יודע לשאול את פתח לו שנאמר והגדת לבנך", הייסט עס אַלזאָ, אַז דער "והגדת לבנך" רעפּרעזענטירט דעם שאינו יודע לשאול. די צווייטע העלפט פון פסוק, דער: "בעבור זה עשה ה' לי" רעפּרעזענטירט שוין ווידער דעם רשע, ווי דער זעלבער בעל ההגדה דריקט זיך אוים ביים רשע: "ואף אתה הקהה את שניו ואמור לו בעבור זה עשה ה' לי — לי ולא לו"...

און געהען מיר איבער פון די פרשה פון בוך צו די פרשה פון לעבען, דאַן מוזען מיר צוגעבען, אַז דער גרעסטער פּראָצענט פון די דורכשניטליכע אַמעריקאַנער אידישע קינדער געהער צו דעם דאָזיגען בן זוג פון לינקס, אויף אַזוי וויים וויפיעל עס האָט צו טהאָן מיט דער מאָס אידישקייט וואָס זיי באַזיצען; און אויב אַ גרויסע טהייל פון זיי קען ניט צוגעצעכענט ווערען צו דעם עקסטרעם שלעכטען פון די דאָזיגע צוויי, קען מען איהם אָבער מיט זיכערהייט צורעכענען צו דעם מילדערען, צום שאינו יודע לשאול...

און דאָס כאַראַקטעריסטישסטע דערפון איז, וואָס גלייך נאָך דעם דאָזיגען פסוק, וואָס "דיעלט" מיט די דערמאָהנטע צוויי בנים, פאָלגט גלייך דער צווייטער טעקסט־פסוק פון די מצוה פון תפילין: "והיה לך לאות על ידך ולזכרון בין עיניך".

און אויך אין לעבען פאָלגען די צוויי פסוקים איינער נאָך דעם אַנדערען...

מעגען זיך די דאָזיגע אַמעריקאַנער בנים זיין וואָס זיי זיינען, גאָר "שלעכטע" אָדער שאינו יודע לשאול'ס, און מעגען די טאַטעס זיך אויך זיין וואָס זיי זיינען בעסערע אָדער ערגערע, אויף אַזוי פיעל וויפיעל עס האָט צו טהאָן מיט'ן "לאות על ידך", עס הייסט, מיט'ן צערמאָניאַלען טעקסט פון דער "בר מצוה", דאָ זיינען די טאַטעס מקיים דעם "והגדת לבנך" מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט. אַלע טאַטעס פראַווען די בר־מצוה פון זייערע קינדער מיט דעם גרעסטען פראַכט און גלאַנץ, מיט'ן "מפטיר" און מיט'ן "ספיטש", מיט'ן "ברוך שפטרני" און מיט'ן "קידוש"...

די גאַנצע צרה איז נאָר, וואָס אָט דער "והגדת לבנך" איז נאָר "ב י ו ם ה ה ו א", עס איז ביי די מעהרסטע טאַטעס און ביי די מעהרסטע קינדער נאָר אַ פראַגע פון "איין טאָג", פון דעם צערמאָניאַלען בר־מצוה טאָג, עס פעלט אָבער דער "פריהער" און דער "שפעטער", דער "ערב בר מצוה" און דער "מוצאי בר מצוה"...

כמעט גאַנצע דרייצעהן יאָהר ווערט דער "והגדת לבנך" פאַרנאַכלאַסיגט מצד דעם טאַטען, ער שיקט איהם נישט אין "חדר", אין תלמוד תורה נאָר איז יוצא מיט דעם קינד'ס "תורה" פון דער "פאַבליק סקול" און דעם קינד'ס ידיעות אין אידישקייט זיינען ניט קיין גרעסערע ווי די ידיעות פון דעם "שאינו יודע לשאול"... נאָר אַז עס קומט עטליכע מאָנאַטען בעפאָר די בר־מצוה ערשט דאַן דערמאָהנט זיך דער טאַטע אין דעם "ביום ההוא", אין דעם בר־מצוה טאָג און זאָרגט שוין דאַפיר, אַז ער זאָל אויסלערנען דעם בר מצוה שפיעל כדבעי'דיג, און אַזוי גיך ווי דער "ביום ההוא" איז שוין אַריבער און דער טאַטע האָט שוין אָבגעזאָגט דעם "ברוך שפטרני", האָט ער שוין אין זינען געהאַט מיט די דאָזיגע ברכה ניט נאָר אויף דעם "עבר" נאָר אויך אויף'ן "עתיד"...

פארגעסען אבער די טאטעס און די מאמעס, אז דער גאנצער "ברוך שפטרני" איז גאר א ברכה אויף'ן "ע נ ש ו של זה", אויף די תורה'לאזיגקייט אבער ניט אויף די תורה גופא. די תורה אליין האט גאר אנאנדער ברכה און ניט איינע נאר צוויי, "אחת לפניה ואחת לאחריה" און דא ליגט דער סוד פון ב ר כ ת התורה. נאר דעמאלט קען אריין די "ברכה" אין דער תורה, ווען עס איז דא דער "לפניה" און דער "לאחריה", דער "ערב" בר-מצוה און דער "מוצאי" בר-מצוה. פאר דעם "לאות על ידך" מוז זיין א "והגדת לבנך" און נאך דעם לאות על ידך מוז אויך זיין דער "למען תהיה תורת ה' בפיך"...

אונזערע חכמים דערצעהלען אונז אז: "בשעה שהקדימו ישראל נעשה לנשמע, ירדו מלאכי השרת וקשרו לכל אחד ואחד מישראל שני כתרים אחד כנגד נעשה ואחד כנגד נשמע". (ווען אידען האבען געזאגט דעם "נעשה" פריהער פאר דעם "נשמע", האבען די מלאכי השרת אנגע-קרוינט יעדערען פון זיי צוויי קרוינען, איינעם פאר דעם נעשה און איינעם פאר דעם נשמע.)

פרעגט זיך דאך אייגענטליך: אויב די צוויי קרוי-נען זיינען פאר דעם נעשה מיט דעם נשמע טא וואס זשע איז דער אונטערשיד וועלכעס זיי האבען געזאגט פריהער, ווען זיי זאגען אפילו דעם נשמע פריהער און נאכהער דעם נעשה קומט זיי דאך אלץביידע קרוינען?

ערקלעהרט דארויף איינער פון די גדולי ישראל, אז די הויפט ראלע שפיעלט דא טאקע נאר דער "הקדימו", ווייל ווען זיי װאלטען געזאגט דעם נשמע פריהער וואלט זיי נאר געקומט איין קרוין, די קרוין פון "נעשה", ווייל דער נשמע איז ניט מעהר ווי א טהייל פון דעם "נעשה", ווייל ווי איז דען מעגליך מקיים צו זיין דעם נעשה אהן דעם נשמע, מען דארף דאך פריהער וויסען וואס מקיים צו זיין, מוז מען דאך

ממילא האָבען פריהער דעם נשמע ? ווען אידען האָבען אָבער פריהער געזאָגט נעשה איז שוין אין דעם נעשה ממילא געווען איינגעשלאָסען דער נשמע און אויב זיי האָבען נאָכהער ווידער געזאָגט "נשמע" האָט עס מיט זיך דעמאָנסטרירט דעם געדאַנק, אַז זיי ווילען לערנען די תורה אַלס א צוועק אָן און פאר זיך און ניט בלויז אַלס מיטעל צום נשמע. עס איז געווען די פראָקלעמירונג, אַז דער למוד התורה וועט ביי זיי קיינמאָהל ניט אויפהערען אפילו ווען זיי ווילען שוין האַלטען נאָך דעם נעשה. זיי האָבען דעריבער מיט דעם נשמע נאָכ'ן נעשה געמאַכט דאָס ערשטע אָבגעטהיילט פון דאָס צווייטע און ביידע געמאַכט פאַר צוויי באַזונדערע זאַכען, ערשט דאַן האָבען זיי פאַרדינט צוויי באַזונדערע כתרים.

אָט דאָס איז, ווי געזאָגט, די לעקציע פאַר די ערציהונגס פראָבלעמע, ניט יוצא צו זיין מיט אַ שטיקעל נשמע אַלס אַ הכנה צו דעם צערמאָניאַלען נעשה און אַזוי גיך ווי דער נעשה ווערט פאַרזיגעלט מיט אַ ברוך שפטרני דאַן איז שוין אוים מיט דעם נשמע. ניין, דער נשמע מוז אויך פראַקטיצירט ווערען נאָכ'ן נעשה, דער "למען תהיה תורת ה' בפיך" מוז האָבען זיין אָבשאַצונג אויך נאָך דעם "לאות על ידך", דאַן איז עס אַ גאַנצע תורה מיט "אחת לפניה ואחת לאחריה"...

* *

*

און אָט די צוויי דערמאָהנטע "כתרים" זיינען נאָך מיין מיינונג זעהר סימבאָליש פאַר די תפילין, וועלכע באַשטעהען פון צוויי כתרים, איינער דער "של יד" און איינער דער "של ראש".

זיינען די דאָזיגע צוויי תפילין טאַקע אויך צוגעפּאַסט צום נעשה מיט'ן נשמע. נשמע ווערט רעפּרעזענטירט דורך די תפילין של ראש, די קאָפּ מיט'ן מוח איז דער

דענקונגס אפאראט, דער אינסטרומענט פאר דעת נשמע, ווערהר־ענד די תפילין של יד רעפרעזענטירען דעם נעשה, די האנט איז דער מעכאנישער אפאראט אין דעם מענשליכען ארגא־ניזם, וועלכע פיהרט דורך דעם פראקטישען טהאט אינ׳ם מענשליכען לעבען.

און ווי סימבאליש איז טאקע די פראצעדורע פון אונזער "תפילין לייגען". אויך דא ווערט דער נעשה אנגע־ווענדעט בעפאר דעם נשמע. די תפילין של יד לייגט מען בע־פאר די תפילין של ראש.

און רעדען מיר שוין דא וועגען די סימבאלישע זייט פון דעם של יד מיט דעם של ראש, האלט איך עס פאר זעהר פאסענד צו דערמאהנען א ווארט, וואס איך האב געזעהן אין ספר "כנסת ישראל" (הרב יפה), וואו דער מחבר ערקלעהרט דעם אונטערשיעד פון של יד און של ראש, וואס ביים ערשטען ליגען אלע פיער פרשיות אין א י י ן בית, ווערענד ביים של ראש, זיינען די פיער פרשיות אבגעזונדערט אין פיער בא־זונדערע חדרים ?

דער פערפאסער ערקלעהרט עס אויך פאר זעהר סימ־באליש. דער של ראש — זאגט ער — וועלכער רעפרעזענטירט דעם קאפ, דעם מוח, די מחשבה, און דאס איז אוממעגליך, אז אלע מענשען זאלען דענקען גלייך, יעדער מענש האט זיך באזונדערע מחשבות, באזונדערע השקפות אפילו ווען די דא־זיגע מחשבות זיינען קאנצענטרירט ארום איין באשטימטען אידעאל. אזוי צום ביישפיעל זיינען פאראן אין דעם ציוניזם פארשידענע פארטייען און פראקציעס ווי אלגעמיינע ציונים־טען, מזרחיסטען, פועלי ציון, רעוויזיאניסטען א. ד. ג., כאטש אלע פון זיי זיינען קאנצענטרירט ארום דעם זעלבען אידעאל פון ציוניזם.

אין אידעען, אין דברים שבראש ושבמחשבה קען עס דעריבער ניט זיין, אז אלע זאלען זיין פאראייניגט אין איין חדר, עס מוז זיין א חדר מיוחד פאר יעדער פארטיי.

קומט עס אבער צו דער פראגע פון של יד, צו דער פראקטישער זייט פון דער באוועגונג, צו די פשוט'ע בויאונגס ארבייט, דא קענען אלע זיין אין איין חדר, דער מזרחיסטישער דאלאר מיט'ן פועל ציוניסטישען האבען ביידע דעם זעלבען קורס, ניט קוקענדיג, וואס די מחשבות וועגען דעם דאלאר זאלען ניט זיין...

ווי די זאך איז, דער של יד איז דער נעשה און דער של ראש — דער נשמע.

עס דארף אבער נאך איין פונקט באריהרט ווערען אין דער פראגע און דאס איז, וואס וועהרענד אונזער קריטיק איז פון איין זייט געציעלט צו די טאטעס, וואס שטעלען זיך אפ אויף דעם צערמאניאלען נעשה און פארנאכלאסיגען אין גאנצען דעם נשמע, דארפען אבער פון צווייטען זייט גאנץ שארף קריטיקירט ווערען יענע טאטעס, וועלכע טוהען פאר־קעהרט. שטעלען דעם טראפ אויף'ן נשמע, ווילען דאס קינד זאל זיין א "קענער" אבער דער נעשה קימערט זיי לחלוטין ניט, זיי ווילען דעם "ללמוד" אבער ניט דעם "לשמור ולעשות". דערויף האבען שוין די חכמים לאנג געזאגט: "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה", בלויז אזא לערנען, וואס ברענגט צו מעשה האט א ווערטליכע אבשאצונג.

און אויך אין דיעזען באצוג זיינען די תפילין זעהר סימבאליש. אנטהאן די תפילין מוז מען פריהער דעם של יד, וועהרענד ביים אויסטהאן מוז מען פרהער דעם של ראש, כדי דער של ראש זאל אין קיין פאל ניט בלייבען אליין אויף'ן קאפ אהן דעם של יד אויף'ן האנט.

ווערט דאַמיט אויף׳ן שעהנסטען אופן דעמאָנסטרירט דער דאָזיגער געדאַנק, אַז אויב אפילו אַן אויפריכטיגער (ניט קיין צערמאָניאַלער) נעשה קען אמאָהל, צייטוויייליג אמוויי־ניגסטענס, געדולדעט ווערען אָהן אַ נשמע, קען אָבער אַ נשמע אָהן אַ נעשה אפילו אויף קיין איינציגע סעקונדע ניט געדולדעט ווערען. ללמוד מוז האָבען אַ לשמור ולעשות...

יאָ, אַ וואונדערבאַרער פּראָגראַמאַטישער קאַפּי־טעל אין הלכות חנוך, איז פאַר אונז די שלום פּרשה פון היינ־טיגער וואָך.

# בשלח

## שבת שירה וחמשה עשר בשבט

### חמשה עשר בשבט אין גלות און אין ארץ ישראל.

היינטיגער שבת איז מעהר "יחסן" פון אנדערע שבתים. ער איז ניט סתם א שבת, נאר א שבת מיט א טיטול — שבת שירה. דא אין די גלות לענדער פאסט ער זיך אבער ניט אזוי שטארק אריין כראנאלאגיש. עס איז די קאלטע פרעסטיגע און כמארנע טעג פון שבט און יאנואר. די נאטור זעלבסט איז איינגעשלאפען און די משוררים האבען ניט די נויטיגע "מוזע" אויף צו פלעכטען זייערע שירה פערזען צו באזינגען די נאטור אדער סתם אזוי צו זינגען שירה, ער בלייבט דעריבער שבת שירה בלויז אין נאמען אבער ניט אין אינהאלט.

אנדערש איז שוין אבער דער פאל אין ארץ-ישראל. דארט איז דער פריהלינג א פריהערדיגער, ער ווערט געבראכט אויף די פליגלען פון דעם ארץ ישראל יום טוב "חמשה עשר בשבט", און קוים דערשמעקט זיך נאר דער פריהלינג ווערט עס שוין ווירקליך שבת שירה'דיג, און אויב וואס אנבעלאנגט די "שירת הים" איז עס נאטירליכערווייזע ניט מעהר ווי א זיסע עראינערונג פון דעם גרויסען עבר, איז אבער וואס אנ־בעלאנגט דעם "חמשה עשר בשבט" די דאזיגע שירה, א שירת ההוה און פאסט זיך אויך כראנאלאגיש אריין אין דעם ארץ ישראל'דיגען לעבען.

איך האָב אָנגערופען חמשה עשר בשבט "דעם א"י יום טוב", כאָטש טעהאָרעטיש בעלאַנגט ער אויך צו די גלות אידען. דער כלל אָבער פון "הכל תלוי במזל" איז קענטיג אויך גילטיג אפילו אויף אַזעלכע זאַכען ווי ימים טובים. אויך יו"ט דאַרף האָבען מזל און אויב אין סוג פון מצות זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זיינען ספּעציפיש נאָר פאַר א"י, "מצות התלויות בארץ" איז עס אויך אַזוי מיט יום-טוב. פאַראַן ספּעציפיש ארץ-ישראל ימים טובים פון וועלכע דער גלות האָט כמעט גאָר קיין אַהנונג ניט. צו דעם מין געהרן אויך, דער יו"ט "ל"ג בעומר" אין זומער און "חמשה עשר בשבט" אין ווינטער. דאָ ווילען מיר נאַטירליך זיך אָבשטעלען איבער דעם ווינטער-דיגען, וועלכער פאַלט גראַדע היינטיגעם יאָהר (תרצ"ג) אויס פונקט אין שבת שירה.

פאַר וואָס גראַדע א"י האָט מעהר זוכה געווען צו דעם יו"ט, איז פאַראַן דערביי געוויסע סבות. ערשטענס איז א"י, די לאַנד אויף וועלכע דער משורר ר' יהודה הלוי האָט געזאָגט: "חיי נשמות אויר ארצך", מעהר סענטימענטאַל, מעהר נשמה'דיג און איז לייכטער צו דערפיהלען די עדעלע קלאַנגען פון אַ נשמה יו"ט אפילו ווען ער האָט ניט קיין ביבלישע וואָרצלען. און צווייטענס, איז טאַקע דער איינהאַלט פון חמשה עשר בשבט, וואָס איז דער "ראש השנה לאילנות" מעהר צו געפּאַסט צו ארץ ישראל.

אין א"י זיינען די בוימער און זייערע פרוכטען אייגענע, אונזערע פרדסים, אונזערע כרמים, אונזערע אָראַנדזשען, אונזערע ציטראָנען, אונזערע מאַנדלען און אונזערע באָקסערן. אין גלות זיינען אָבער די פירות פרעמדע. און לויט'ן כלל אַז: "אדם רוצה בקב שלו יותר מתשעה קבים של חבירו", איז דאָך נאַטירליכערווייזע דער פירות-יו"ט מעהר שייך צו א"י ווי צום גלות.

אָבער נאָך פשוט'ער איז דער פאַקט, וואָס אין חוץ לארץ זיינען אין די מעהרערע לענדער בבלל ווינטער קיין פּירות ניטאָ און די בוימער קענען אין די טעג פון שבט נאָר אויס־דריקען זייער ראש השנה כאַראַקטער אויסערליך. זייער לבוש, דער ווייסער שנעע־מאַנטעל, וואָס הילט זיי איין, מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מין ראש השנה קיטעל. אונטערען קיטעל איז אָבער אַלעס טויט... אין א"י אָבער פעהלט גראַדע דער אויס־ערליכער לבוש, אָבער די דאָרטיגע בוימער נויטיגען זיך כלל ניט אין קיין אויסערליכע סימבאָלען אין דער צייט ווען דער תוך איז אַן אויסגעפילטער, ווען די פּירות אַליין דעמאָנס־טרירען זייער ראש השנה'דיגקייט...

עס איז אַ בעקאַנטער תלמוד'ישער פּאַבעל אין פאָרם פון אַ דעבאַטע צווישען פרוכטבאַרע און פרוכטלאָזע בוימער, "אילני פירות" און "אילני סרק".

די לעצטע, וועלכע צוליעב זייער פוסטקייט זיינען מעהר באַוועגונגס פעהיג ווי די ערשטע און ביים מינדעסטען ווינט באַוועגען זיי זיך זעהר האַסטיג און לאָזען זיך הערען, פרעגען די ערשטע, די אילני פירות, פאַר וואָס זייער שטימע איז פאַרדושעט און לאָזען זיך ניט אַזוי שטאַרק הערען? דאַרויף ענטפערען די אילני־פירות: "איהר פוסטע בוימער נויטיגט זיך אין "פּובליסיטי", אויב איהר וועט ניט טומלען און רעש'ן וועט מען כלל ניט וויסען אויב איהר זיינט גאָר בוימער. מיר אָבער דאַרפען ניט טומלען, מיר דאַרפען זיך ניט אַדווערטייזען. אונזערע פרוכט זאָגען אויף אונז עדות, אַז מיר זיינען בוימער"...

און אַקוראַד אַזוי איז עס אין באַצוג צו דעם ראש השנה לאילנות ביי די בוימער אין גלות און ביי די בוימער אין ארץ ישראל. די ערשע נויטיגען זיך כאָטש אין אַן אויסער־ליכען ראש השנה לבוש זאָנסט וואָלט מען כלל ניט וויסען,

אז זיי זיינען בוימער און האבען א שייכות מיט ראש השנה, ווערענד די א"י בוימער האבען זייערע פרוכט, די חמשה עשר פרוכט, און קענען פארציכטען אויף אויסערליכע סימנים...

* * *

און צוויי סארטען חמשה עשר בשבט האב איך געזעהן אין ארץ ישראל, אין צוויי באזונדערע תקופות, אוןביידע פארדינען מען זאל זיך וועגען זיי אבשטעלען.

דער ערשטער סארט איז דער חמשה עשר פון עסען פירות. נאטירליך עסען פירות עסט מען א גאנץ יאהר אויך, אבער דאס עסען פון חמשה עשר איז ניט גלייך צו יענע אכילות. עס איז ניט סתם געגעסען נאר געגעסען לשם מצוה פונקט ווי עסען מצה, צום ביישפיעל, די ערשטע נאכט פון פסח. אויך די חמשה עשר פירות ווערען געגעסען בצבור, סיי אין פאמיליע קרייזען, סיי אין געזעלשאפטליכע פלעצער, אין שוהל, די גרויסע אידען, און אין חדר, די קליינע אידעלאך.

איך וועל קיינמאהל ניט פארגעסען די גראציעזע בילד פון מיינע קינדער יאהרען, ווען מיר האבען געפייערט דעם פירות יום-טוב אין חדר. נאך מיט צעהן און מעהר טעג בעפאר חמשה עשר האט מען זיך שוין גענומען גרייטען צום יום-טוב. אויף דעם רבינ'ס ארדער האט יעדער תלמיד געבראכט פון דער היים א באשטימטע מטבע און מ'האט זיך "צונויפגעלייגט" אויף פירות. דער רבי נאטירליך, איז געווען דער קאסירער און אויך דער "איינקויפער". אויב ער האט עפעס געמאכט "קאמישען" דערביי, האט ער עס אויך כשר פארדינט... ער איז עס ווערט געווען "דרשה געשאנק" פאר די פראכטפולע דרשה, וואס ער האט פאר אונז געהאלטען אלס איינלייטונג צו די חמשה-עשר-פירות-סעודה, וואס מיר האבען צוזאמען מיט איהם, אלס "טאוסט מייסטער", געפראוועט אין חדר.

אנגעפאנגען האט ער מיט'ן פסוק: "כי האדם עץ השדה", און האט אונז "געגעבען צו פארשטעהן", אז אייגענטליך מיינט מען דא ניט די אכילה דעם עיקר, די אכילה איז נאר דער "משל", דער עיקר איז אבער דער "נמשל", און דער נמשל, פארשטעהט איהר דאך שוין אליין, איז דער מענש "כי האדם עץ השדה". דער מענש דארף אלזא זיין ווי א גוטע פרי, ניט פארפוילט, זים און שעהן, ער זאל זיין "ראוי לברכה" און מ'זאל אויף איהם קענען מאכען "שהחיינו"...

און לאמיר זיך מודה ומתודה זיין, אז מיט מיין גאנצען רעספעקט צו מיין רבי'ן איז מיר זיין דרשה אריין אין איין אויער און גלייך געמאכט פליטה פון צווייטען, און אריין אין ערשטען איז עס אויך ניט פרייוויליג מיט'ן גוטען ווילען, ס'איז נאר געווען אריינגעשטופט, ווייל, איך פרעג אייך כ'לעבען, ווי האט מיר געקענט קריכען אין קאפ זיינע דרשות מיט זיין "נמשל" אין צייט ווען דער "משל" ליגט זיך רחבות'דיג אויף'ן טיש פאר מיינע אויגען און רייצט אזוי אונבע'רחמנות'דיג דעם קינדערשען אפעטיט... דערפאר אבער, אז ער האט די דרשה געענדיגט האבען מיר איהם שטארק אפלאדירט, ניט אזוי פאר זיין זאגען די דרשה ווי פאר זיין אבזאגען....

אויך אין גאס איז שטארק קענטיג געווען דער יום־טוב. אויף אלע "סטענדס" און אין אלע קראמען, לאו דוקא פרוכט קראמען (חמשה עשר זיינען פיש קראמען אויך פערוואנדעלט געווארען אין פרוכט געשעפטען) זיינען צעהנדליגער מינים פירות געלעגען צו שפרייט מאיעסטעטיש פונקט ווי אויף אן אויסשטעלונג און ארומגערינגעלט פון אידען מיט אידענעס, דינגערס און דינגערקערס, און די קרעמער האבען זיי אדווערטייזט מיט ספעציעלע פזמונים, וואס האבען צוגעגעבען א באזונדער יום־טוב חן. און עס איז געווען פרעהליך און לעבעדיג.

יענע תקופה, ווי געזאגט, איז געווען א תקופה פון עסען פירות און דער "האדם עץ השדה" איז נאר געווען "על פי דרש"...

די צווייטע תקופה, וועלכע היינטיגע צייט געהער צו איהר, איז שוין ניט בלויז א חמשה עשר פון עסען פירות נאר אויך פון פלאנצען פירות. און דער אדם עץ השדה איז שוין ניט בלויז על פי־דרש נאר אויך על פי פשט. דער יו"ט האט געקראגען א נאציאנאלען כאראקטער אין פולען זין פון דאס ווארט. און שעהן רייצענד איז דער "עקסהיבישאן" ניט בלויז פון די פירות האדמה נאר אויך פון די פירות האדם, ווען די טויזענטער תלמידים און תלמידות פון די פארשיעדענע "בתי הספר" שטעלען זיך אויס אין די רייהען אויף די טראטואַרען לעבען זייערע שוהלען. גאנצע מחנות, אלע אנגעטהאן מיט בלוי־ווייסע קאסטיומען, און מיט א דיס־ציפלאנירטע סקוהל טריינינג, איש על מחנהו ואיש על דגלו.

פון דארט פאנגט זיך אן די נאציאנאלע יו"ט פראַ־צעסיע. יעדער תלמיד און תלמידה, אין איין האנט א בוים, אין דער צווייטער, א רידעל; אין פראַנט די "תזמורת", דער סקול אָרקעסטער מיט זיינע פריהלינג'ס לידער, די "שירי האביב", און אזוי מארשירט מען מיט פרעהליך יו"ט'דיגע פנים'ער אין די ניי צוגעקומענע קווארטאלען וואו מען דארף פערפלאנצען די בוימער פאר די אָרטיגע פארק'ס און בול־ווארדס, און עס איז נאַטירליך אויך פרעהליך און לעבעדיג, נאך אפשר פרעהליכער און לעבעדיגער...

וועט מען אבער פרעגען: וועלכער פון די ביידע סאָרטען חמשה עשר פייערונגען איז דער שעהנערער? וועל־כער פאַרדינט מעהר סימפאַטיע?

דאַרף דער ענטפער זיין: אָן און פאר זיך איז יעדע־רער פון זיי ניט מעהר ווי א האלבער יו"ט, ביידע צוזאמען זיינען איין גאנצער יום טוב. דאַ קען ניט אנגעווענדעט ווערען

דער "וישן מפני חדש תוציאו". אקוראד ווי עס קען ניט זיין "חדש מפני ישן תוציאו". ביידע זיינען אונז ליעב און טייער. און אויב דער נייער חמשה עשר גיט אונז זיין נאציאנאלע נשמה, גיט אונז דער אלטער די טראדיציאנעלע נשמה, די "ברכה" מיט'ן "שהחיינו"...

דער "תביאמו ותטעמו בהר נחלתך" איז געווים דער שעהנסטער פסוק פון דער שירת הים, דאך איז ער ניט מעהר ווי א האלבער פסוק. א גאנצער פסוק ווערט ער נאר ווען ער שליסט זיך מיט דעם: "מכון לשבתך פעלת ה', מקדש ה' כוננו ידיך"...

"אז ישיר משה ובני ישראל"!

די ריכטיגע שירה איז נאר דאן ווען משה איז אין איהר פארטראטען...

צום באדויערען האט די נייע שירה אביסעל פאר־שטויסען די אלטע. דאס איז געווים באדויערנוגסווערט, אבער מ'דארף ניט פארצווייפלען. עס וועט נאך קומען דער טאג ווען די ביידע שירות וועלען זיך צוזאמענגיסען און דאן וועלען מיר אויף די צוזאמענשמעלצונג פון אלט מיט ניי, פון דעם אדם עץ השדה על פי פשט מיט דעם עץ השדה על פי דרש, אויף דעם אליין וועלען מיר אויך מאכען א ברכה מיט א באזונדער כונה, עס וועט זיין די אמת'ע ברכה:

שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה!...

# יתרו

## שווי זכיות לנשום

כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל. (יט־ג)

אין די לעצטע יאהרען איז, צווישען פיעלע אנהערע באוועגונגען, וואס שווימען ארויף אויף דעם אלטעגליכען לעבען אלס פראדוקט פון דער פראגרעסירטער ציוויליזאציע, אויך ארויפגעשוואומען די באוועגונג פאר פרויען רעכט אדער ווי זי איז בעסער באקאנט אונטער'ן נאמען: "די סאפארדזשעט באוועגונג". אנגעפאנגען האט זיך עס אין דעם ניט אידישען לאגער אבער שנעל איז די באוועגונג געווארען "עפידעמיש", און האט נאטירליכערווייזע אויך איינגעדרונגען אין אידישען לאגער.

אין אמעריקא וואו די עטיקעטע האט פראדוצירט א געזעץ פון "ליידים פוירסט" האט די באוועגונג זעלבסטפארשטענדליך געפונען אן אויסגעאקערטען באדען אונטער זיך. אין דער צייט ווען דער "געזעץ" לויטעט, אז די פרוי קומט נאך פריהער פאר'ן מאן, האט זי דאך נאך מעהר פארצוג פאר דעם מאנסביל, טא ווי קען זיין, אז זי זאל נאך בלייבען הינטערשטעלינג און ניט זיין לפחות גלייך מיט איהם אין אלע רעכטע און פריווילעגיעס?

איז עס אויף'ן ערשטען בליק א גאנץ ניש'קשה'דיגער קל וחומר, טא לאמיר טאקע בעטראכטען די אנגעלעגענהייט פון א טראדיציאנעלען שטאנדפונקט כדי צו וויסען וואס

פאַר אַ שטעלונג מיר אַלס אידען דאַרפען נעהמען צו אונזערע אידישע סאַפערדזשעטקעס.

ביים ערשטען בליק קוקט עס אויס, אַז דער אַנגע־געבענער מאָטיוו איז אויך גילטיג פאַר אונז, ווייל נאָכגעהענ־דיג דעם קאָמענטאַר פון אונזער תלמוד אויף אונזער טעקסט פסוק קומט טאַקע אויס, אַז די עטיקעטע פון "ליידים פוירסט" האָט נאָך איהר וואָרצעל אין אונזער תורה גופא. די חכמים זאָגען: אַז "כה תאמר לבית יעקב" מיינט מען די פרויען און "ותגיד לבני ישראל" מיינט מען די מענער. הייסט עס דאָך, אַז די תורה גופא האָט פּראַקטיצירט די דאָזיגע העפליכקייט פון ליידים פוירסט, טאָ ווערט דאָך אַזוי אַרום די "סאַפערדזשעט" באַוועגונג אויך אונטערשטיצט ביי די תורה אַליין, פון צוויי־טען זייט אָבער באַרויבט זיי די זעלבע תורה פון פיעלע מענער־שע פּריווילעגיעס ווען זי זאָגט. צום ביישפּיעל, אַז פרויען זיינען אויסגעשלאָסען פון אַ גרויסען טהייל מצות ווי די "מצות עשה שהזמן גרמא", תפילין, ציצית א. ד. ג. און מיר מענער האַלטען זיך נאָך גרוים איבער זיי ווען מיר מאַכען מיט שטאָלץ יעדען טאָג די ברכה: "שלא עשני אשה"... ווי, אַלזאָ, לאָזט זיך די זאַך ערקלעהרען?

איז אָבער די גאַנצע אַרגומענטאַציע ניט מעהר ווי לכאורה'דיג. טראַכט מען זיך אָבער אַריין טיעפער אין דער זאַך דאַן קריגט דער גאַנצער ענין אַן אַנדער כאַראַקטער.

צו באַהויפּטען, אַז פרויען זיינען ווירקליך דורך דער תורה געקריוודעט געוואָרען אין פאַרגלייך צו די מענער, וואָלט דורכאויס זיין פאַלש. אין ליכט פון היסטאָרישע פאַקטען, האָבען די אידישע פרויען געשפּילט אַ גאַנץ באַדייטענדע ראָלע אויף פאַרשידענע געביטען אין דעם שטח פון לעבען. אָנפאַנ־גענדיג פון מרים הנביאה און פאָרטזעצענדיג מיט דבורה, נעמי, רות, חנה אשת אלקנה, חנה ושבעת בניה, און שפּעטער

מיט ברוריה די פרוי פון ר׳ מאיר, ילתא די פרוי פון רבי נחמן און פיעלע אַנדערע באַריהמטע פרויען אין פאַרלויף פון אונזער געשיכטע, זעהט מען, אַז די פרוי איז אונטער קיינע אומשטענדען ניט באַטראַכט געוואָרען פאַר מינדערווירדיג אַנטקעגען דעם מאַן.

און דאָס וואָס פרויען זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון פיעלע מצות, מיינט עס אין קיין אופן ניט אַ באַרויבונג פון זכיות און פריווילעגיעס. אין געגענטהייל, דאָס גופא איז אַ באַזונדער פרויען פריווילעגיע, ניט אַרויפצולייגען אויף זיי אַ צו שווערען יאָך, ווערהענד אין וואָס אַנבעלאַנגט דעם שכר פון די מצות אָדער דעם חלק גן עדן און עולם הבא, קען די פרוי עררייכען מיט די ווינציג מצות, וואָס זי האָט, פונקט ווי דער מאַן מיט די סך מצות. עס איז אין די בחינה פון "אחד המרבה ואחד הממעיט". ווייל אין אמת׳ן איז דאָך פאַר גאָט אַלץ איינס מעהרער מצות אָדער וויינינגער, "ואם תצדק מה תתן לו"... די הויפט זאַך איז דאָך נאָר וואָס דורך די מצות ווערט ערפילט דער ווילען פון השם יתברך, און אויב "זיין" ווילען איז, אַז פרויען זאָלען האָבען בלויז אַביסעל מצות, ווערט דאָך אין דעם "ביסעל" אויך ערפילט גאָט׳ס רצון, און פאַרדינט פאַלגליך דעם זעלבען שכר ווי מענער פאַר אַ סך מצות...

קען מען אָבער אונטער טראַגען אַן "ורמינהו" פון דעם, וואָס דער תנא האָט געזאָגט, אַז "לפום צערא אגרא" און ממילא איז דער מענערשער שכר אַ גרעסערער, ווייל זייער יאָך איז שווערער, איז עס דאָך שוין ווידער אַ שלילת זכות פאַר די פרויען?

ווערט אָבער די "קשיא" אויך צורונען אַזוי גיך ווי מיר דערגרונטעווען זיך צו ערקלעהרען די סבה פאַר וואָס האָט מען טאַקע די פרויען פאַרגרינגערט און זיי באַפרייט פון

א גרויסען טהייל מצות. און דא איז שוין פאראן א ריין לאגישער מאטיוו מיט א פשוט'ע אויסרעכענונג, לויט וועלכען עס קומט אויס, אז פאר דער אידישער פרוי, לויט איהר בייטראג צום לעבען, איז דאס ביסעל מצות, וואס זי דארף מקיים זיין אונ־טערוואַרפען אזוי פיעל שווערינקייטען ווי ביים מאן די אלע תרי"ג, און ממילא גלייכען זיי זיך שוין אויך אויס אין דעם "לפום צערא אגרא"...

די פרוי אויף וועמעס גורל עס איז אויסגעפאלען צו זיין די "עקרת הבית", האט פאר זיך איינע פון די שווערסטע אויפגאבען אין לעבען. זי איז פאקטיש משועבד פיזיש און גייסטיג צו יעדען מיטגליד פון דער פאמיליע איהם צו באזאר־גען מיט זיינע אלע אלטעגליכע באדערפניסע. איהרע ווירט־שאפטליכע ארבייט און דערצו נאך צורעכענען דעם אויס־טראגען, אויסזייגען און אויסהאדעווען קינדער האלט איהר פאקטיש פארשקלאפט די פולע פיער און צוואנציג שעה פון מעת־לעת. אונטער אזעלכע אומשטענדען קלעקען פאר איהר אהן צווייפעל דאס ביסעל מצות, וועלכע זי איז פארפליכטעט צו זיי, און די אידישע תורה האט באין אופן ניט געוואלט אנווארפען אויף איהר נאך מעהר און אויף דעם חשבון זאל זי זיין געצוואונגען צו פארנאכלאסיגען די הויז ווירטשאפט פון וועלכעס די גאנצע פאמיליע וואלט ניט ווינציג געליטען.

דאס דערמאהנט מיר ווי איינער פון די "גדולים" האט אמאהל אויסגעטייטשט דעם בעקאנטען מאמר חז"ל אויף'ן פסוק: "אעשה לו עזר כנגדו — זכה, עזר, לא זכה — כנגדו". דער דאזיגער גדול האט היבש געליטען פון זיין פרוי, וועלכע איז געווען זעהר פרום, א גאנצען טאג געזעסען ביים קרבן מנחה סדור, ביי דער תחינה, תהלים, מעמדות א. ד. ג., און האט דאדורך פארנאכלאסיגט די ווירטשאפטליכע זייט פון דער הויז. "אויף מיר — האט דער רב געזאגט — איז מקוים געווארען דער לא זכה — כנגדו. וואלט איך געווען א "זכה"

דאָן וואָלט איך מיר געזעסען ביי דער גמרא און מיין רבי׳ציך וואָלט געשטאַנען אין קיך ביים טעפּיל. בין איך אָבער אַ ״לא זכה״ זיץ איך מיר ביי איין זייט טיש מיט דער גמרא און זי ״כנגד״, אַנטקעגען מיר, ביים צווייטען זייט טיש, מיט דער תחינה און דער טעפּיל אין קיך ווערט פאַרברענט...

יאָ, די הויז פליכטען פון דער פרוי זיינען היבש גע־נוג פאַר איהר אויף צו קענען אויף דעם חשבון באַפרייט ווערען פון אַ גרויסען טהייל מצות.

און אויב די חכמים האָבען געזאָגט, אַז דער ״בית יעקב״ מיינט די פרויען, איז דער דאָזיגער טיטול אַ כשר פאַר־דינטער פאַר זיי. דער טראָפּ איז געשטעלט געוואָרען אויף׳ן ״בית״ אין דער בחינה פון ״ביתי זו אשתי״, און טאַקע דער־פאַר, ווייל זי, די פרוי, איז דער ״עמוד התוך״ אויף וועלכען די גאַנצע הויז איז אָנגעשפּאַרט; און ניט בלויז די פיזיש, מאַטעריעליש און עקאָנאָמישע זייט פון דער אינערליכער ווירט־שאַפטליכקייט נאָר אויך די גייסטיגע זייט. עס איז די פרוי, וועלכע לייגט דעם גרונדשטיין פאַר דער קינדער ערצי־הונג אין טראַדיציאָנעלען זין. זי וויגט אוים דאָס קינד אונ־טער די טראַדיציאָנעלע טענער פון ״תורה איז די בעסטע סחורה״, זי וואַשט דעם קינד ״נעגעל וואַסער״ און זאָגט מיט איהם ״מודה אני״, זי פּאַסט אויף אויף׳ן קינד׳ס ״ברכות״ און ״קריאת שמע לייענען״. די הויז איז דער ערשטער ״חדר״ פאַר׳ן קינד׳ס ערציהונג און די פרוי איז דער ״ערשטער מלמד״...

און ווען די קינדער וואַקסען אוים און ״ווערען מענ־שען״ איז עס די פרוי, וועלכע האָט דערצו בייגעטראָגען די גרעסטע קאָנטריבוציע. און אָט דערפאַר איז פריהער: ״לבית יעקב—אלו הנשים״ און דערנאָך ״לבני ישראל—אלו האנשים״. עס איז אַ פאַרדינטער ״ליידים פוירסט״ אַלס אַן הקדמה צו

מתן תורה, ווייל די פרוי איז די ערשטע אין איהר מתן־תורה צו איהרע קינדער . . .

אויף א פארטרעפליכען אופן האבען דעריבער אונ־זערע חכמים דעם דאזיגען געדאנק געבראכט צום אויסדרוק ווען זיי האבען געזאגט:

"הני נשי במאי זכיין?

באקרויי בנייהו לבי כנישתא".

(אין וואס באשטעהט דער זכות און פארדינסט פון די פרויען? דארין וואס זיי פיהרען די קינדער אין בית המדרש).

יא, זיי פיהרען און זיי דערפיהרען די קינדער צום שוהל, חדר און ישיבה. זיי שאפען דעם באדען, לייגען דעם יסוד און פארזייהען די קערנער פאר דער צוקונפטיגער קאריערע פון זייערע קינדער'ם קולטורעלע ענטוויקלונג.

און דאס איז זייער גרעסטער זכות. און ווען אפילו זייערע אייגענע מצות זיינען באשרענקט אין צאהל, האבען זיי דאך אבער א גרויסען חלק אין די אלע מצות, וואס זייערע זיהן וועלען דערנאך מקיים זיין אין זייער גאנצען לעבען. און אין דעם הינזיכט האבען שוין די חכמים אויף אן אנדער פלאץ געזאגט אויף דעם פסוק: "עץ חיים היא למחזיקים בה — ללומדיה לא נאמר אלא למחזיקים בה"... נישט בלויז דער "לומדיה", דער וואס לערענט אליין, פארדינט דעם גאנצען קרעדיט נאר אויך, אדער, נאך פיעל מעהר, דער "למחזיקים", דער וואס שאפט די מעגליכקייט פאר די "לומדיה"... און אין דעם באצוג איז די פרוי דער ריכטיגער "למחזיקים"...

און אויב, ווי געזאגט, האט די באשרענקטע צאהל מצות פון דער פרוי נים באשרענקט איהר באלוינונג

און זי איז כלל ניט געקריוודעט געוואָרען אין באַצוג צו פּרי־ווילעגיעס, איז פאָלגליך ניטאָ קיין אורזאַכע פאַר דער פרוי צו קאָמפּליינען און זיך באַקלאָגען, און ממילא אויך ניט קיין פּרעטענזיעס אויף "גלייכבארעכטיגונג" פון וועלכע זי איז, פון אונזער תורה שטאַנדפּונקט, קיינמאָהל ניט באַרויבט גע־וואָרען.

אונזערע פרויען זיינען אַלע מאָהל געווען גלייך צו די מענער אויף אַזוי ווייט, וואָס אַנבעלאַנגט ז כ י ו ת, אויב זיי זיינען געווען אַנדערש איז עס ניט אין באַצוג צו ז כ י ו ת נאָר אין באַצוג צו ח ו ב ו ת...

ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין "סאָפפראַדזשעט" באַוועגונג אין דער מחנה פון א י ד י ש ע פרויען. זיי האָבען ביי אונז פון אייביג אָן פאַרנומען אַ חשוב'ען פּלאַץ. אונזער תורה האָט די ערשטע פּראָקלאַמירט די לאָזונג פון דעם מאָדערנעם "לײדיס פוירסט", און גראַדע אויף'ן שעהנסטען פּלאַץ — ביי קבלת־התורה.

כה תאמר לבית יעקב !...

# משפטים

## מוסיף על הראשונים

ולמה נסמכה פרשת דינין
לפרשת מזבח לומר לך שתשים
סנהדרין אצל המזבח. (רש"י)

די סדרה משפטים איז אייגענטליך דער אסענץ פון דעם געטליכען קאדאקס. אין איהר קומען אריין די הויפט געזעצען פון דער געטליכער קאנסטיטוציע, די גרעסטע טהייל וועלכע האבען צו טהאן מיט דעם געזעלשאפטליכען לעבען, די "ענינים שבין אדם להבירו", אינטערעסען צווישען מענש און מענש, געזעלשאפטילכע, פילאנטראפישע, געשעפטליכע א. ד. ג.

וואלטען מאנכע געקענט מיינען, אז אלס אזעלכע איז די סדרה משפטים ווינציגער הייליג ווי די פריהעריגע סדרה, וועלכע האט דורכאויס א רעליגעזען "סיני" פארב. עס וואלט זיך געלאזט אונטערשידען פון "אנכי ה' אלקיך" ביז "אם כסף תלוה" און פון "זכור את יום השבת" ביז "כי יפתח איש בור", די ערשטע צו קלאסיפיצירען אונטער דעם סוג פון רעליגיאן און די צווייטע אונטער דעם סוג פון געזעץ און אזוי ארום אבטהיילען צווישען די צוויי זאכען, רעליגיאן באזונדער און געזעץ באזונדער. רעליגיאן איז הייליג, געטליך, סיני'דיג און געזעץ איז וואכעדיג, מענשליך און האט ניט די קדושה פון סיני.

אזוי האָט זיך עס געקענט לאָזן פאַנאַנדערטיילען אַקוראַד ווי דאָס האָט פּאַסירט ביי אַנדערע פעלקער וואו שטאַט האָט זיך אָבגעטיילט פון רעליגיאָן און איינס מיט'ן צווייטען האָט קיין שייכות ניט.

איז אָבער ביי אונז אידען אַנדערש דער פאַל. ביי אונז איז שטאַט מיט רעליגיאָן ניט קיין צוויי באַזונדערע זאַכען נאָר איין זאַך. ביי אונז אין דער פּאָליטישער "שום תשים עליך מלך" פונקט איינע פון די תרי"ג מצות ווי דער רעליגעזער "לא תבשל גדי בחלב אמו", און דער "ושחד לא תקח" פונקט אַזוי הייליג ווי דער "ובשר בשדה טרפה לא תאכלו"...

"ואלה מוסיף על הראשונים", ניט קיין נייע געזעצען פון אַ נייעם כאַראַקטער זיינען זיי אָט די פון די פרשת "משפטים", זיי זיינען נאָר אַ צוגעבונג, אַ הוספה צו די ערשטע, אָבער פון זעלבען כאַראַקטער און זעלבען גייסט: "מה ראשונים מסיני אף אלה מסיני". אויך די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע געזעצען זיינען אַזוי סיני-הייליג ווי די ערשטע, די פריהעריגע, פון פרשת יתרו — די עשרת הדברות...

און — ואלה מוסיף על הראשונים!

דאָס איז אייגענטליך דער שווער פונקט אין וועלכען עס שפּיגעלט זיך אָפּ אונזער לעבענס טראַגעדיע. עס איז די מחיצה, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרען צווישען די "ראשונים" און די "אחרונים", די ערשטע, די טאַטעס און די לעצטע, די קינדער. עס פעלט די "הוספה", דער המשך, די פאָרטזעצונג פון די ערשטע קאַפּיטלאַך. אין מעהרערע פעלע איז ביי די "אחרונים" אַ נייער אָנפאַנג און ניט קיין "מוסיף על הראשונים". דער טאַטע האַלט זיך פעסט ביי דער טראַדיציע פון סיני, ווערענד דער זוהן האָט זיך שוין אַראָפּ געקייקעלט פון דעם סיני באַרג... האָט זיך שוין אָבגעריסען

פון דער טראַדיציאָנעלער קייט און ניט נאָר איז ער ניט קיין מוסיף על הראשונים, ניט נאָר ברייינגט ער ניט צו קיין נייע בייטראַגע, קיין נייע קאָנטריבוציעס צום טראַדיציאָנעלען לעבען, נאָר פאַרקעהרט ער איז נאָך אַ גורע, ער נעהמט אַראָפּ, עס ווערט ביי איהם אַלץ ווייניגער און ווייניגער ביז זיין טראַדיציאָנעלע אידישקייט גרייכט צו אַ מינימום.

דער זעלבער אונטערשיעד צווישען די ראשונים און אחרונים מערקט זיך אויך שטאַרק בולט אין דעם קאָלעקטיווען לעבען אונזערען, אַלס פאָלק. אויך דאָ זיינען די ראשונים און אחרונים צוויי באַזונדערע וועלטען און אפילו ווען ביידע טהוען איינע און די זעלבע סאָרט אַרבייט, ביידע זיינען אידעאַליסטיש און ביידע ברייינגען באַשטימטע אידעאַליסטישע קרבנות פאַר איינעם און דעם זעלבען צוועק, איז אויך דאָ קענטיג דער אונטערשיעד אין די אַרט און ווייזע און כאַראַקטער פון די טהאַטען פון ביידע עלעמענטען.

אַט נעהמען מיר צום ביישפּיעל די אַרבייט פאַר ארץ-ישראל. אָנגעפאַנגען האָט זיך עס נאַטירליך מיט די "ראשונים", די טאַטעס און די זיידעס, וועלכע געהערען צו דער תקופה פון די זקני הישוב. זיי זיינען די ערשטע געקומען אין ארץ ישראל אונטער די ערגסטע אונגינסטיגסטע באַדינגונגען און האָבען אין זייער צייט ניט וועניג קרבנות געבראַכט אויף דעם מזבח פון ישוב. און מיט צעהנדליגער יאָהרען שפּעטער זיינען אויך געקומען די קינדער און אייניקלאַך פון יענע ראשונים אונטער דעם פאָהן פון דער "חלוצים-עליה" און האָבען אויך ניט וועניג קרבנות געבראַכט אויף דעם זעלבען מזבח. דער אונטערשיד איז אָבער קענטיג דערין, וואָס וועהרענד ביי די ראשונים איז דער ישוב ארץ ישראל אָן און פאַר זיך אויך געווען אָן ענין, וואָס האָט צו טהאָן מיט "סיני", עס איז אַ מצוה ווי אַלע אַנדערע תרי"ג מצות, וואָס זיינען געגעבען געוואָרען אויף'ן באַרג סיני און ממילא האָבען זיי, די

ראשונים, איינגעאָרדענט זייער לעבען אין א״י אַזוי אַז ער זאָל אויך זיין דורכאוים אין אָנקלאַנג מיט דעם סיני גייסט, זיינען אָבער געקומען די ״אחרונים״ און האָבען געגעבען דעם גאַנ־צען ענין פון ישוב א״י אַן אַנדער פאַרב, האָבען אָבגעקראַצט דעם אַלטען טראַדיציאָנעלען קאָליר און אַרויסגעצויגען בלויז אַ נאַציאָנאַלען גלאַנץ. זיי האָבען דעם ״סיני״ אַרונטערגע־נומען. איז זיך עס אפשר טאַקע אַ גאַנץ שעהנע ארץ ישראל, פאַרגעסען זיי אָבער, אַז א״י האָט נאָך אַ נאָמען, נעמליך, ארץ הקדושה, און אַן ארץ ישראל אָהן סיני קען בשום אופן ניט זיין קיין ארץ־הקדושה... עס קען זיך זיין אַ לאַנד ווי אַלע לענדער ״ככל הגוים בית ישראל״, איז אָבער אַקוראַט ווי דאָס לעצטע איז ניט געווען, ווייל ישראל דאַרף ניט זיין ככל הגוים, ער דאַרף זיין בעסער פאַר אַלע, שעהנער פאַר אַלע, ער טראָגט אַ פאָהן פון ״אתה בחרתנו״... אַזוי דאַרף ארץ ישראל אויך זיין שעהנער פון אַלע לענדער, בעסער פון אַלע, הייליגער און העכער פון אַלע, ווייל: ״ארץ ישראל גבוהה מכל הארצות״, און דאָס צו מאַכען פון ארץ ישראל קען מען פאַר קיינפאַל ניט אויב זי איז אַ לאַנד פון די אחרונים און ניט פון די ראשונים, אויב עס פעהלט פון איהר דער — סיני...

מה ראשונים מסיני אף אלה מסיני!...

נאַטירליך קען מען ניט אונטערשעצען דעם פּיאָנערען גייסט פון די יונגע חלוצים און מען קען באַין אופן ניט ביליג מאַכען די קרבנות, וועלכע אַט די חשוב'ע יונגע לייט ברייינגען פאַר דעם ישוב. עס איז דאָך פאַרט קרבנות, פאַרט מסירות נפש און מסירות־נפש פאַר אַן אידעאַל, מסירות נפש פאַר'ן פאָלק, און ניט פאַר קיין אייגעננוציגקייט. דאָס איז טאַקע אמת, עס איז אָבער אויך אמת, אַז אפילו ווען עס האַנדעלט זיך ווע־גען קרבנות איז אויך פאַראַן אַן אונטערשיד ביי קרבנות גופא פון איין קרבן צום צווייטען און פאַראַן אַמאָהל אַ פסול'ער

קרבן אויך... ווען אפילו דער פסול איז ניט אין קרבן אליין איז דאָ אַמאָהל אַ "פסול בבעלים"... אין דעם וואָס ברייננגט דעם קרבן...

"ולמה נסמכה פרשת דינין לפרשת מזבח לומר לך שתשים סנהדרין אצל המזבח"!

יאָ, געווים איז אַ מזבח הייליג, ווייל אַ מזבח איז דאָך פאַרבונדען מיט קרבנות, און קרבנות זיינען דאָך פאַר־בונדען מיט מסירות־נפש, מיט אידעאַל און יעדער אידעאַלער מסירות נפש איז געווים אַ הייליגקייט, און דאָך קומט די דאָ־זיגע "סמיכות" פון די פרשת מזבח מיט די פרשת משפטים, כדי צו ציהען דערפון די לעהרע, אַז אפילו אַ מזבח, אַ קרבן האָט נאָר דאַן זיין חשיבות אויב ער איז נאָהנט צו די סנהדרין, די פאַרשטעהער פון דער אידישער תורה, די רעפרעזאַנטאַנטען פון באַרג סיני... דער קרבן אַליין איז ניט כשר געווען אויב זיינע אייגענטימער, זיינע בעלי בתים טרעטען אָפּ פון די סנהדרין, געהען אַוועק פון דער סיני ליניע.

דער "הר המוריה" איז טאַקע הייליג, ער איז דער סימבאָל פון פיאָנערען גייסט, דער צענטער פון קרבנות. דער באַרג סיני איז אָבער אויך הייליג און איז נאָך פריהער אין צייט פאַר'ן באַרג מוריה...

* *
*

משה רבנו האָט אין דער זעלבער פרשה פון היינ־טיגער וואָך אָנגעשלאָגען דעם ריכטיגען טאָן אין פאַרבינדונג מיט דער קרבנות פראַגע. די תורה דערצעהלט אונז:

"וישלח את נערי בני ישראל ויעלו עולות".

ער, משה, האָט געשיקט די יונגען פון בני ישראל, און זיי האָבען אויפגעבראַכט קרבנות אויף דעם מזבח, וואָס משה האָט אויפגעבויט. און —

"ויקח משה חצי הדם וישם באגנות וחצי הדם זרק על המזבח".

העלפט פון די קרבנות בלוט האָט משה אַריינגעטאָן אין בעקען און העלפט האָט ער געשפריצט אויף'ן מזבח.

וואָס זשע האָט משה געטהאָן מיט די העלפט, וואָס ער האָט אַריינגעטהאָן אין די בעקען? קומט אַ צווייטער פסוק און זאָגט:

"ויקח משה את הדם ויזרק על העם"...

משה האָט גענומען די דאָזיגע בלוט און געשפריצט אויף'ן פאָלק.

ניט געווען גענוג פאַר משה'ן, וואָס דער מזבח ווערט געשפריצט, וואָס דער מזבח ווערט טהור און הייליג. עס איז אויך נויטיג צו מאַכען אַ דיזינפעקציאָן אויף'ן פאָלק אַליין. אויך ער, דער פאָלק, דאַרף ווערען ריין, טהור און הייליג, זאָנסט האָבען די קרבנות קיין ווערט ניט...

און משה אונטערשטרייכט עס זעהר דייטליך און קלאָהר ווען ער זאָגט:

"ויאמר הנה דם הברית אשר כרת ה' עמכם על כל הדברים האלה".

אָט איז די בלוט פון דעם בונד, וואָס גאָט האָט מיט אייך געשלאָסען וועגען די אַלע רייד.

עס איז דער דם הברית, די בלוט וועגען דעם תורה בונד אָהן וועלכעס די מזבח בלוט האָט קיין ווערדע ניט, וויל לעבען מזבח דאַרפען אויך זיין די סנהדרין...

און מעגען די קרבנות ברייגגער אפילו זיין די "נערי בני ישראל" דאָס יונגוואַרג, אויך זיי, די יונגע חלוצים דאַרפען זיין טהורים, אויך זיי דאַרפען אין זינען האָבען דעם דם הברית און אויך זיי דאַרפען זיין נאָהנט צו די סנהדרין...

נאטירליך גיט זיך דער יונגער עלעמענט מעהר אָפּ מיט עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, וועלכע זיינען געווים אַ חשוב'ער טהייל פון דעם בנין הארץ, זיי, די יונגע קינדער, בויען, אַקערען און זייהען, לייגען שאסעען, ציהען בריקען און טהוען אַלע אַנדערע סאָרט ארבייט, וועלכע בויען דעם אַגריקולטור־רעלען און עקאָנאָמישען לעבען פון דער לאַנד, אָבער אויך אין די סאָרט ארבייט טאָר מען די טראַדיציאָנעלע תורה ניט פאַרגעסען.

די פּראַקטיק פון משה'ן איז, אַז אפילו דער ערדי־שער טהייל פון בנין הארץ דאַרף אויך זיין הימליש...

"ויחזו את האלקים — ויאכלו וישתו".

אפילו דעמאָלט ווען עס איז "ויאכלו וישתו" קען אויך זיין "ויחזו את האלקים"... אונזער תורה איז אַ תורה פאַר עסען אַזוי גוט ווי אַ תורה פאַר דאַווענען... ביי אונז זיינען ניטאָ די גרענעצען, וואָס זיינען דאָ ביי אַנדערע פעלקער. ביי אונז געהען צוזאַמען לאַנד און תורה, מזבח מיט סנהדרין, מוריה מיט סיני...

ביי אונז איז ניטאָ קיין גבולים צווישען אַלט און יונג, פריהעריגע און שפּעטעריגע, ראשונים און אחרונים. די פּראָגראַמע איז אַ פאַראויס באַשטימטע און באַשטימט פאַר אַלעמען גלייך, פאַר דעם בנערנו אַזוי ווי פאַר דעם בזקננו, און די פּראָגראַמע איז אַז:

"ואלה מוסיף על הראשונים, מה ראשונים מסיני אף אלו מסיני"!...



# תרומה

## בתוכם — בתוך כל אחד ואחד

**ויקחו לי תרומה — לי לשמי (רש"י)**

כמעט אלע מפרשי התורה שטעלען זיך אפ אויף דעם ביבלישען אויסדרוק, באנוצענדיג זיך מיט דעם טערמין "ויקחו" (איהר זאלט נעהמען) אנשטאט דעם טערמין "ויתנו" (איהר זאלט געבען), וועלכער וואלט זיך אין דעם פאל גיכער גע-פאסט, ווייל דער רוף דארף דאך איבערהויפט זיין געציעלט צו די געבערס מעהר ווי צו די נעהמערס, די שוועריגקייט באשטעהט דאך אייגענטליך מעהר אין דעם געבען ווי אין דעם נעהמען?

באטראכטען מיר אבער די זאך טיעפער דאן זעהען מיר, אז דער "ויקחו" ענטהאלט אין זיך א גאנצע מאראלישע לעהרע איבער וועלכע עס איז זיך כדאי אבצושטעלען.

פאראן צוויי סארטען נתינות: א פילאנטראפישע און אן אידעאלע. צו דער ערשטער בעלאנגען אלע סארטען צדקות פון א פילאנטראפישען כאראקטער ווי צום ביישפיל, צדקה פאר האספיטעלער, בתי יתומים, מושב זקנים, לחם עניים א. ד. ג. צו דער צווייטער געהרען די צדקות, וואס ווערען געגעבען פאר א שוהל, א תלמוד תורה, א ישיבה א. ד. ג. די ערשטע פאר'ן גוף, די צווייטע — פאר די נשמה.

אין דעם עצם געבען איז נאַטירליך קיין אונטערשיד ניט פון צדקה נומער איינס ביז צדקה נומער צוויי. אין די אַרט און וואייזע פונ׳ם געבען איז אָבער יאָ דאָ אַן אונטערשיד. ווען איינער גיט צדקה פאַר אַן אָרימאַן אָדער פאַר אַ האָספּיטאַל איז אונז אַ קנאַפּער אונטערשיד צו ער גיט עס באַוואוסטזיניג אָדער ניט, צו גיט ער עס מיט׳ן גאַנצען האַרצען אָדער גאָר אָהן אַ האַרץ, דער טאָלער זיינער איז אַזוי צו אַזוי אַלץ דער זעלבער טאָלער, און דער וואָס דאַרף געניסען דערפון געניסט סיי ווי סיי...

אַנדערש איז אָבער דער פאַל מיט צדקה נומער צוויי, די אידעאַלע צדקה. ווען איינער גיט למשל פאַר אַ שוהל איז עס דאָך ניט קיין ענין פון געבען יענעם, ס׳איז דאָך ניט, דו גיבסט און יענער נעהמט, דער געבער אַליין איז דאָך צו איינער און דער זעלבער צייט אויך דער נעהמער, ער אַליין איז דאָך פון דער דאָזיגער שוהל מקבל הנאה. און קוים איז פון אַזאַ סאָרט געבען קיין אַנדער צוועק ניטאָ ווי נאָר דער וואָס ער אַליין זאָל געניסען פון זיין פעולה, איז אויב ער געניסט טאַקע, דאָס הייסט אויב ער פאַרשטעהט דעם אידעאַל דערפון און גיט עס באַוואוסטזיניג, דאַן איז דער צוועק עררייכט געוואָרען, אויב אָבער ער איז ווייט פון דעם אידעאַל און גיט עס נאָר, ווייל מען נעהמט ביי איהם, אַזאַ געבען האָט אין דעם פאַל קיין ערך ניט...

אָט דערפאַר באַנוצט זיך די תורה אין דעם פאַל פון דער משכן־תרומה מיט דעם טערמין "ויקחו" אונטער צו־שטרייכען דעם דאָזיגען געדאַנק, אַז די סאָרט נתינה איז מעהר אַ ויקחו ווי אַ ויתנו, די נתינה אַליין איז אַ לקיחה, און דערפאַר איז טאַקע נאָר: "מאת כל איש אשר ידבנו לבו תקחו את תרומתי", ווען ער גיט עס מיט האַרץ, מיט געפיהל און מיט פולער באַוואוסטזיין.

ווײל טאָקע די תורה ניט, אַז דאָ זאָל אויסגענוצט ווערען אירגענד װעלכער אײנפלוס אויף דעם "נותן", די נתינה דאַרף אין אַזאַ פאַל קומען אויף דער אײגענער איניציאַטיװע פון דעם נותן אָהן אַן אויסערליכע השפעה, מ'דאַרף זיך ניט בעטען בײ יענעם ער זאָל געבען, דער "ויתנו" זאָל דאָ גאָר ניט דער־מאָהנט װערען, דאָ זאָל בלויז אָנגעװענדעט װערען די פעולה פון ויקחו, װײל קוים מוז עס זײן מיט אַ באַדינג פון "ידבנו לבו" איז דאָך שוין במילא ניט נויטיג קײן אָנשטרענגונג אויף אַ "ויתנו"...

קענטיג, אַז רש"י ז"ל, װעלענדיג קלאָהר מאַכען דיעזען געדאַנק, האָט עס אויף אַ פאַרטרעפליכען אופן גע־בראַכט צום אויסדרוק אין דעם אײנציגען װאָרט אַלס קאָמענ־טאַר צום "לי" — "לי — לשמי", װי צו װעלען פאַרענט־פערען דערמיט דעם ניט פאַרשטענדליכען טערמין פון "ויקחו". "לשמי"! און אויב די נתינה איז ניט קײן נתינה פון װעלכע אַ צװײטע פערזאָן דאַרף געניסען נאָר עס איז בלויז לשמי, אַ געטליכע, אידעאַלע נתינה, פאַסט זיך דעריבער דאָ "ויקחו" גיכער װי "ויתנו"...

ניט אומזיסט איז דערפאַר די תורה אויף אַן אַנדער פלאַץ אַזױ שטאַרק מפרסם דעם בײטראַג פון דער אידישער פרוי צום משכן זוען זי, די פרוי, װערט אָװעקגעשטעלט אין דער ערשטער רײהע און די תורה, ריהמט איהר אַלס דער ערשטער אידעאַלער משכן־קאָנטריבוטער: "ויבואו האנשים על הנשים", פריהער די נשים און נאָכהער די אנשים, װײל אין פאַל פון אַזאַ סאָרט קאָנטריבוציע פאַרדינט טאָקע די פרוי מיט רעכט דעם "טשעמפיאָנשיפ".

די פרוי, לויט איהר נאַטור אײגענשאַפט, זײענדיג מעהר סענטימענטאַל װי דער מאַן, איז אַלס קאָנסעקװענץ דערפון, איהרע נײגונגען אויך אַנדערש װי פון דעם מאַן, װעל־כער איז װעניגער סענטימענטאַל. און פון די צװײ מענשליכע

אָרגאַנישע אַפּאַראַטען, די האַרץ און דער מוח איז דער ערשטער מעהר אין פונקציע ביי דער פרוי און דער צווייטער — ביים מאַן.

איז עס דערפאַר נאַטירליכערווייזע ווען אַ פרוי איז מעהר גענייגט צו פילאַנטראָפּישע טעטיגקייט אַלס אַ פּראָדוקט פון איהר געפיהלפולע סענטימענטאַלע האַרץ, און דער מאַן, מעהר צו אידעאַליסטישע אַרבייט אַלס אַ פּראָדוקט פון זיין קאָפּ און מוח.

ווען אָבער די פרוי געהט איבער איהר אייגענעם גרעניץ און כאַפּט זיך אַריין אין דער מענערשער טעריטאָריע, ווען זי ווייזט אַרויס אַ באַזונדער אויסצייכענונג אויף דעם אידעאַלען שטח, ווי עס איז געוועזן דער פאַל ביי די נדבות פון משכן, פאַרדינט זי געוויס אָנערקענונג און איז באַרעכטיגט צו ביבלישע "פּובליסיטי" אפילו ווען זי אַליין פערלאַנגט עס ניט.

כאַראַקטעריסטיש איז טאַקע אויך דער ביבלישער לאָרבער קראַנץ אויף'ן חשבון פון דער פרוי ווען זי ווערט באַ-צייכענט מיט'ן טיטול: "חכמת-לב" (וכל אשה חכמת-לב בידיה טוו). אָט דער קאָמבאַנירטער טיטול איז צוזאַמענגע-שטעלט פון דיביידע אויבענדערמאָהנטע אָרגאַנישע אַפּאַראַ-טען "חכמה", רעפּרעזענטירענדיג דעם קאָפּ, דעם מוח, און "לב" — די האַרץ. די פרוי, וועלכע איז טעטיג ניט נאָר אויף'ן געביט פון פילאַנטראָפּיע נאָר אויך אויף'ן פעלד פון אידע-אַליזם, אַזוי אַז ניט בלויז איז ביי איהר אין פונקציע די "האַרץ" נאָר אויך דער "מוח", ניט בלויז דער סענטימענט נאָר אויך דער מאַרך, זי פאַרדינט טאַקע דעם טיטול "חכמת-לב"...

* *
*

מיר קומען צוריק צום פונקט, אז אלע סארטען נדבות און נתינות, וואס זיינען פון א משכן כאראקטער איז זייער לאזונג — "ויקחו" און ניט "ויתנו".

איז עס טאקע אביסעל קשה'דיג ווען מיר באטראכטען די "משכן-נותנים" פון אונזער צייט, די מנדבים פון אונזערע שוהלען און מיר זעהען, צום באדויערען, אז א גרויסער פראצענט פון זיי, אויב ניט דער גרעסטער, איז גאנץ ווייט פון דעם ויקחו-טיפ. עס גיבען נדבות אזעלכע אידען, וואס זיי אליין געניסען זעהר ווייניג פון דער שוהל, עס איז רעכט, אז ער באזוכט די שוהל בלויז "שלש פעמים בשנה" און אמאהל גאר "אחת בשנה" און דאך צייגען די שוהל-טאפלען, די "כותלי בית המדרש", אז גראדע אט דער טיפ-איד איז מעהר און מיט גרעסערע סומען פארטראטען אין דעם אויפבוי און אויפהאלט פון דער שוהל ווי פיעלע אנדערע, וועלכע זיינען גייסטיג פיעל נעהנטער צו דער זעלבער שוהל?

איז אבער דער אמת, אז אויך דער טיפ געהער צום "ויקחו" נאר אין אן אנדער אויפפאסונג. זיי נעהמען אויך פון דער שוהל, אויב ניט קיין תורה און תפלה, נעהמען זיי — כבוד און פובליסיטי. טאקע די דערמאהנטע שוהל-טאפלען און וואנט-מצבות מאכען קלאהר דעם שטאנדפונקט פון די דאזיגע נותנים און שטעמפלען דעם כאראקטער פון די זאגענאנטע "אידעאליסטען". זיי נעהמען, און טאקע מיט דער פולער האנט. פאראן נאטירליך אויסנאהמען, אבער זעהר אין א קליינער צאהל, דער גרעסטער טהייל נעהמען אפ מיט געשוואלענע פראצענטען. ס'איז "אבן מקיר תזעק", די וואנט שרייען אוים, אז פלוני בן פלוני האט געגעבען, די צייטונגען שרייבען וועגען איהם, די רעדנער "ספיטשיווען" און מען האלט אין איין פויקען און פובליצירען, און קומט עס בעפאר אן "עלעקשאן" פון שוהל בעאמטע קריגט ער שוין אן אמט, אדער ער ווערט א "פרעזידענט" אדער א וויים-פרעזידענט און אפילו "גבאות" איז אויך ניט מיט'ן האנט אוועק צו מאכען. און מיט אט די

אלע זאכען קומען שוין אויך נאך זאכען, ווי א "סיט" לעבען ארון קדש, אן "אינסטאליישאן", א באנקעט און נאך אזעלכע "מטעמים".

יא, ווי געזאגט, געהערען זיי אויך צום "ויקחו"-טיפ. אלץ וואס עס פעהלט איז בלויז דער — "לי — לשמי". ס'איז ניט דער אידעאלער געטליכער לשמי, זאנדערן דער עגאאיסטי־שער מענשליכער לשמי, לשם כבוד, לשם "אדוועטייזמענט" לשם פובליקאציע.

ס'איז א טראגיש-קאמישע בילד( און מעהר טראגיש ווי קאמיש), וואס דריקט אוים די חצוניות פון שוהל אבער ניט די פנימיות און פארדינט דעריבער די שארפסטע קריטיק.

און די קריטיק קריגט טאקע דעם אויסדרוק אין דער זעלבער פרשה מיט א פאר פסוקים ווייטער.

"ועשו לי מקדש — ושכנתי בתוכם".

און עס איז בעקאנט דער מאמר: "בתוכו לא נאמר אלא בתוכם, בתוך כל אחד ואחד"... דער מקדש, די שוהל, האט בלויז דעמאלט די ווירדיגע אבשאצונג אויב דער "ושכנתי", די "השראת-השכינה" איז בתוך כל אחד ואחד", ווען די שכינה איז קענטיג אויף די שוהל באזוכער אליין, ווען זיי, די שוהל אידען אליין זיינען דורכגעדרונגען מיט א שכינה גייסט און פראקטיצירען אזוי ארום דעם "ויקחו" אין א גייסטיגער אויפפאסונג, אבער ניט דאן ווען דער "ושכנתי" דריקט זיך נאר אוים אין דעם "בתוכו" אין שוהל אליין, אין דער שעהנער געביידע און אין דער שעהנער אוים־שטאטונג...

ביי דער שכינה, כביכול, אליין איז דאך בכלל ניט שייך קיין "ושכנתי בתוכו", עס איז דאך "מלא כל הארץ כבודו" און ווען מצמצם זיין די שכינה בלויז אין שוהל וואלט דאך עם הייסען א פגיעה אין כבוד השכינה חס ושלום, אבער דער גאנצער שוהל-געדאנק איז דאך נאר צוליעב דעם

"בתוכם", צוליעב דעם "בתוך כל אחד ואחד", ווייל אין גאַס און אין הויז וואו די אומגעבונג איז אַ וואָכעדיגע איז די אַט־מאָספערע ניט צונעפּאַסט צו קיין הייליגקייט, דאָס מאַטער־יעלע איז דאָרטען גובר אויף דאָס אידעאַלע. דאַרף דערפאַר דער איד האָבען אַ באַזונדער אומגעבונג וואו די אַטמאָס־פערע זאָל זיין כולו קודש און די וואָכעדיגקייט זאָל דאָרט קיין דריסת־הרגל ניט האָבען און אַזוי אַרום זאָל ער זיך קענען אויפ־הויבען העכער ווי אין זיין אומגינסטיגע אומגעבונג און ממילא טהיילווייז די קדושה פון שוהל אויך אַרויסטראָגען אין גאַס. אויב אָבער די שוהל גופא ווערט פערוואַנדעלט אין וואָ־כעדיגקייט, אויב אין שוהל גופא פעהלט דער "בתוכם" איז דאָך דער "בתוכו" אויך פגום׳דיג, די שוהל שטעהט דאָך דאַן ניט העכער און ניט הייליגער פאַר די הויז, פאַר די גאַס...

ויקחו לי תרומה!

נעהמען דאַרף מען טאַקע פון שוהל, נאַר עס דאַרף גענומען ווערען אין דער ליניע פון "לי — לשמי" און ניט דער ביליגער עגאָאיסטישער "לשמי" נאַר דער העכערער גייסטיג־געטליכער לשמי...

ושכנתי בתוכם — בתוך כל אחד ואחד!...



# תצוה
## (פרשת זכור)

דער נומער פיער שפיעלט א בעדייטענדע ראלע אין דעם פסח יום-טוב: פיער כוסות, פיער קשיות, פיער בנים און פיער לשונות פון גאולה. דעם אנפאנג צו דעם נומער מאכען אבער די "פיער פרשיות", אנפאנגענדיג מיט "שקלים" און ענדיגענדיג מיט "פרשת החודש". און אקוראד ווי יענע אנדערע פיער צאהליגע זיינען ענג פארבונדען איינער מיט'ן אנדערען און יעדער פיער'יגע גרופע שטעלט מיט זיך פאר איין יוניט, אזוי זיינען אויך די "ארבע פרשיות", וועלכע דיענען אלע אלס א מין הקדמה, אן איינלייטונג צו די פרשת הגאולה, וועלכע שליסט זיך מיט'ן לעצטען קאפיטעל פון פרשת החודש, אזוי אז אלע פיער צוזאמען זיינען אין אמת'ן בלויז איין קאפיטעל, וואס איז אייגעטהיילט אין פיער חלקים. "שקלים" — די הקדמה און דער יסוד; "זכור" און "פרה" — דער הויפט אינהאלט פון דער גאולה און "חודש" — דער קלימאקס.

איז דעריבער כדאי צו געבען אן אלגעמיינעם איבערבליק אויף די דאזיגע פרשיות, וועלכע קענען אויך דיענען אלס מאטעריאל פאר אונזערע פרשיות פון לעבען.

שקלים, איז ווי געזאגט, דער יסוד, דער ערשטער אלף פון יעדער נאציאנאלע באוועגונג. די באוועגונג אן און פאר זיך ווערט נאטירליך פארנאנדער געצווייגט אין פארשידענע ארבייטס צווייגען: פאליטיש, עקאנאמיש, קולטורעל א. ד. ג., אבער נים איינע פון די אויסגערעכענטע קען אנגעפיהרט ווערען אהן די הילף פון די שקלים. צו יעדער טהייל ארבייט מוז מען צום אלעם ערשטען האבען די נויטיגע געלט מיטלען. שקלים מוז זיין די הקדמה צו דער גאנצער פרשת הגאולה.

אָבער ניט נאָר לערנט די דאָזיגע פּרשה דעם עצם געבען אַליין פון די שקלים, זאָנדערן לערנט אויך די אַרט און ווייזע פון דעם געבען, ווי אַזוי מען זאָל געבען, ווייל דאָס אַליין איז אויך אַ גאַנצע תורה...

מחצית השקל — איז די לאָזונג פון דעם שקל־רוף. ניט קיין גאַנצען שקל נאָר אַ האַלבען. פון איין זייט האָט די תורה דערמיט געציעלט צו געבען די מעגליכקייט פאַר יעדער אידען צו קענען אָנטייל נעהמען און ווערען אַ שותף צו דער גאולה. "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט". די לאַנד געהער צום גאַנצען פאָלק, ניט בלויז צו איין חלק פון פאָלק און אַלע דאַרפען דעריבער אָנטהייל נעהמען אין איהר גאולה. עס איז ניט קיין מאָנאָפּאָל בלויז פאַר די רייכע און זיי דאַרפען ניט האָבען קיין "מאָרגעדזש" אויף ארץ ישראל.

און פון דער צווייטער זייט שאַפט דער "מחצית השקל" די אידעע פון "אחדות העם", ניט גראָדע אין וואָס אָנבעלאַנגט די לאַנד פראַגע נאָר אויך אין וואָס אָנבעלאַנגט דעם פאָלק אַליין. עס דעמאָנסטרירט די גאַנצקייט פון פאָלק וואו אַלע כחות בילדען דורך פאַראייניגונג איין יוניט. אַלע זיינען גלייך און אַלע מוזען זיין פאַראייניגט ווי איין מענש. קיינער קען זיך ניט מאַכען "שבת פאַר זיך" מיינענדיג, אַז ער קען אויסקומען אַליין אָהן די מיטווירקונג און קאָאָפּעראַציאָן פון דעם צווייטען.

מחצית השקל! יעדער איד פאַר זיך איז ניט מעהר ווי אַ "מחצית", אַ העלפט און ניט קיין גאַנצער נומער, און מען קען דעריבער ניט מוותר זיין אויף קיין חלק פון פאָלק, זאָל וועלכער חלק עס איז פעלען וועט עס זיין אַ פּגימה אין דעם גאַנצען קאָלעקטיווען אָרגאַניזם פון פאָלק.

זעלבסט פאַרשטענדליך, אַז אויך אין פאָלק אַזוי ווי אין די "קנינים" פון פאָלק מוז זיין קאָנצענטראַציע. עס מוז

זיין א צענטראלע פיגור ארום וועלכען אלע חלקים פון פאלק זאלען זיך קאנצענטרירען און פונקט ווי דער "משכן" איז געווען דער צענטראלער פונקט פאר אלע "קניני העם" אזוי דארף אויך זיין א גרויסע גייסטליכע פערזענליכקייט אין גע־שטאלט פון א גרויסען פיהרער, וועלכער זאל זיין דער לע־בענס־נערוו, דער "עורק החיים" פון דער גאנצער אומה.

אין פארבינדונג דערמיט האב איך אמאהל געהערט פון מיין פאטער שליט"א א שעהנעם ווארט, וואס ער האט נאכגעזאגט פון דעם גרויסען וועלט־באריהמטען צדיק ר' אהרן קארלינער זצ"ל.

ארומרעדענדיג דעם דאזיגען געדאנק, אז מען דארף שטעהן נאהנט קאנצענטרירט ארום דעם מנהיג הדור, האט דער קארלינער געזאגט א רמז פון דעם ווארט "מחצית", וועל־כער באשטעהט פון פינף אותיות. אין צענטער שטעהט דער "צ" (צדיק) די אותיות, וואס זיינען נאהנט צו איהם פון ביידע זייטען איז א ח' מיט א י' וואס מאכט "חי", די וואס זיינען אבער ווייט פון צדיק איז פון איין זייט א מ' און פון דער צווייטער זייט א ת' וואס מאכט "מת"...

יא, די פאראייניגונג פון פאלק און זיין קאנצענט־רירונג ארום די גרויסע פערזענליכקייט, דער מנהיג אדער אין דעם חסיד'ישען טערמין, דער צדיק, דאס ברייגנט לעבען צום גאנצען פאלק.

און אט די סארט פאראייניגונג אין א מאדערנער אויפפאסונג, ווערט אויסגעדריקט אין פארם פון "ארגאניזאצ־יאן", וועלכע באזירט איהר עקזיסטענץ אויף דעם נאציא־נאלען שקל אדער מחצית השקל, און די ארגאניזאציע איז די שוץ־וואנט צו פארטיידיגען אונזערע נאציאנאלע זכיות כלפי חוץ.

האבען דאך שוין אונזערע חכמים געזאגט:

״גלוי וידוע לפני מי שאמר והיה העולם שעתיד המן לשקול שקלים על ישראל, לפיכך הקדים שקליהם לשקליו״.

יאָ, די שקלי ישראל זיינען אַ ״תרים הגנה״ פאַר די שקלים פון די פאַרשידענע אַנטיסעמיטישע המנ׳ס... און בלויז דעמאָלט ווען מען לערנט און מען איז מקיים ווי געהעריג די פרשה שקלים, קען מען דאַן גלייך איבערגעהן צו דער צווייטער פרשה —

פּרשת זכור!

געווים איז די אַרבייט פון ״כבוש הארץ״ ניט אַזאַ לייכטע אויפגאַבע. אַ לאַנד קען ניט עראָבערט ווערען אָהן מלחמות און אָהן קרבנות. גלייך ביי דער ערשטער גאולה האָט זיך דער פאָלק אָנגעגעגענט, אויף זיין וועג קיין א״י, מיט פאַרשידענע פעלקער מיט וועלכע ער האָט געמוזט אָנפיהרען מלחמות, און אַזוי האָבען מיר פון דעמאָלט ביז היינט מלחמות אויף יעדער טריט און שריט פון אונזער גאולה מארשרוט.

דער ערשטער איז געווען עמלק און נאָך איהם זיינע אייניקלאַך און אור אייניקלאַך אין אַלע דורות און אין אַלע תקופות. ״שנאת עולם לעם עולם״...

אָבער ניט אַלע מאָהל זיינען די עמלק׳ס מעור אחד, פון איין קאָליר און פון איין כאַראַקטער. פאַראַן אַזעלכע עמלק׳ס, וואָס שאַרפען זייערע שווערדען געגען די אידישע נאַציאָנאַליטעט. עס קימערט זיי ניט אויב אידען וועלען זיך לעבען און עקזיסטירען אַלס אַ רעליגיעזע סעקטע, זיי קימערט אָבער יאָ, אויב אידען וועלען לעבען אַלס נאַציאָנאַלע פאָלק. אָט דאָס איז יענער ערשטער טיפ עמלק, וואָס ״ער שלעפּט אַרוים די אידען פון די ענני כבוד״. אידען זאָלען זיך באַשיצען אונטער באַזונדערע ״עננים״, וואָס גיבען זיי נאַציאָנאַלען ״כבוד״, זיי זאָלען בילדען אַ נאַציאָנאַלע איינהייט אין די ראַמען פון זייערע

אייגענע עננים און ניט זיין נאציאנאל־אסימילירט — דאס קען דער טיפ עמלק ניט פארטראגען.

אט דער טיפ עמלק קען טערמינאלאגיש באצייכענט ווערען אלס דער ע ר ד י ש ע ר עמלק. דער אידישער ה י מ ע ל קימערט איהם נישט, איהם קימערט בלויז די אידישע ע ר ד...

און עס איז פאראן עמלק נומער צוויי, דער וועלכער קעמפפט הויפטזעכליך געגען דעם ה י מ ע ל, געגען דער אידישער תורה און רעליגיע. דאס איז דער עמלק פון דעם המן טיפ, וועמען עס קריינקט דער "ו ד ת י ה ם שונות מכל עם", און זיין איינציגע שטרעבונג איז אונטער צובריינגען די אידי־שע תורה. ער וויל, אז מרדכי, דער "ראש הסנהדרין", וועל־כער רעפרעזענטירט די אידישע תורה, זאל זיך קניען צו איהם, זאל מכניע זיין דעם דת מרדכי פאר דעם דת המן.

ד ע ר עמלק איז שוין ניט קיין ע ר ד י ש ע ר נאר א ה י מ ל י ש ע ר, און זעלבסט פארשטענדליך, דארף אונ־זער קאמפף זיין געציעלט געגען די ביידע טיפען.

איז טאקע דערויף פאראן א וואונק אין אונזער תורה ווען זי זאגט:

"והיה בהניח ד' אלקיך לך מכל אויביך מסביב ב א ר ץ אשר ה' אלקיך נותן לך נחלה לרשתה", ווען דו וועסט שוין אפילו אבפייערען דעם זיעג און בלייבען רוהיג מצד דעם עמלק, וועלכער קאנצענטרירט זיין קאמפף "מסביב ב א ר ץ", דער ע ר ד י ש ע ר עמלק, זאלסטו ניט דיינקען, אז דער קאמפף איז שוין געענדיגט, ניין: "תמחה את זכר עמלק מתחת ה ש מ י ם", דו דארפסט נאך אויך קעמפפען געגען דעם עמלק "מתחת השמים", געגען דעם ה י מ ל י ש ע ן עמלק... און דא אונטערשטרייכט די תורה שארף: "לא תשכח"! דו זאלסט נישט פארגעסען, ווייל ליידער דעם ה י מ ל י ש ע ן עמלק קען מען גיכער פארגעסען. פאראן אזעלכע "גבורים",

וואָס האָבען נאָר אין זינען דעם "עמלק מסביב בארץ" און דעם "עמלק מתחת השמים" פאַרגעסען זיי...

געענדיגט די פרשת זכור, וועלכע ציעלט געגען די מלחמת חוץ, קומט די —

פרשת פרה!

די פרשה, ציעלט שוין בלויז צו דער "מלחמת פנים", געגען די עלעמענטען אין אונזער אייגענעם לאַגער, וועלכע פאַרגעסען אַבצומעקען דעם עמלק מתחת השמים און ווערען אליין עמלק'עזירט אויף דעם רעליגעזען געביט... אויך געגען זיי, געגען די פרייע ראַדיקאַלע עלעמענטען פון דער מחנה ישראל, דאַרף מען אַנפיהרען אַ קאַמפף.

אָבער דאָ קען מען זיך שוין ניט באַנוצען מיט די זעלבע מעטאָדען, וועלכע ווערען באַנוצט פאַר דער "מלחמת חוץ". דאָ קען ניט גילטען די מעטאָדע פון "מחה תמחה". אונ־זערע אייגענע ברידער, זאָלען זיי זיין פון וועלכען לאַגער עס איז קען מען ניט און טאָר מען ניט אויסמעקען חלילה. האָבען מיר דאָך שוין פריהער געלערנט פון דער פרשת שקלים, אַז מיר קענען ניט מוותר זיין אויף קיין שום חלק פון דער אידי־שער אומה. אַלע זיינען אונז ליעב און טייער. דער "חלבנה" איז אויך אַ חשוב'ער עלעמענט אין די אידישע קטרת...

פאַר דעם עלעמענט איז ניט באַשאַפען געוואָרען די פרשת זכור, פאַר איהם האָבען מיר אַן אַנדער פרשה — פרשת פרה, וועמעס לאָזונג איז:

לטהר טמאים!...

אַ סיסטעמאַטישע ערציהונגס מעטאָדע דאַרף אַנ־געווענדעט ווערען פאַר זיי. אַן אַגיטאַציאָנס קאַמפף מיט וואַ־פען פון איינפלוס, כלי זיין פון השפעה, דאָס דאַרפען זיין די מיטלען פון אונזער מלחמת פנים. און אָהן האַסטיגקייט, אָהן

איבערטריבענע קנאות. ״לא בחיל ולא בכח כי אם ברוח״, ניט מיט קיין ״חרמות״ און ״שמתות״ וועט דער זיעג געוואונען ווערען, נאר מיט מילדע ליעבליכקייט און סיסטעמאטישע אויפקלעהרונג.

די פרשה פרה איז הארמאניש צוגעפאסט צו דעם עלעמענט. האט טאקע דער פרייער ראדיקאל אין זיך א חלק טומאה אין באצוג צו רעליגעזע אידישקייט, ער האט אבער אויך א היבשען חלק טהרה, וואס דריקט זיך אויס אין זיין מסירות נפש פאר זיין לאנד און פאלק. באשטעהט דאך די פרה אדומה אויך פון אט דיביידע אייגענשאפטען. אויך זי האט דאך א חלק טומאה אין זיך: ״לטמא טהורים״... און דאך וועגט דער חלק טהרה, דער ״לטהר טמאים״ אריבער... און אט דער ״לטהר טמאים״ דארף זיין די מאטא פון אונזער שיטה אין באצוג צו אונזער מלחמת פנים.

און נאר נאכדעם ווי מיר וועלען דורכמאכען די גאנצע פראצעדורע אין דער ריכטונגס ליניע פון די ערשטע דריי פרשיות, וועלען מיר ערשט קענען קומען צו דער פערטער פרשה — פרשת החודש, וועלכע איז דער קלימאקס פון דער גאולה און סימבאליזירט דעם פולען הונדערט פראצענטיגען חופש אין זיינעביידע פאזען, חופש הגוף וחופש הנפש, שחרור חצוני און שחרור פנימי, און דאן הערען מיר די פראקלאמאציע:

החודש הזה לכם!...

אבער דא איז דער ריכטיגער פלאץ פאר דעם פאלקס שפריכווארט: ״ניט צו פארבייטען די יוצרות״, ניט זאגען ״יוצרות פרה״ פאר די ״יוצרות זכור ושקלים״, ווייל ניט נאר איז דער באשטימטער סדר פון די ארבע פרשיות געשאפען געווארען פאר די שוהל, ער איז אויך געשאפען געווארען פאר׳ן לעבען. אין לעבען מוז אויך דער פראצעס דורכגעפיהרט ווערען

לויט ווי ער איז אָנגעצייכענט אין די ליניעס פון דיזער פּראָגראַמע.

זכור !...

אויך דאָס דאַרף מען געדענקען ווען צו לערנען פּרשת זכור און ווען פּרשת פּרה און אַז בלויז נאָך דעם חוט משולש, שקלים — זכור — פּרה, קען ערשט קומען די ריכטיגע פּרשת החודש...



# כי תשא

## הארון המשכן וכליו

**ראה קראתי בשם, בצלאל — —**
**בחכמה ובתבונה ובדעת**
**(ל"א — ב־ג)**

אונזערע חכמים אין מסכת ברכות (פרק הרואה) ערקלערען, אז דער געטליכער מייסטער פון משכן, בצלאל, איז גערופען געווארען מיט דעם נאמען צוליעב זיין קלוגשאפט (בצלאל על שם חכמתו נקרא). ווען גאט האט איבערגעגעבען דעם משכן־מעסעדזש צו משה'ן, האט ער פריהער דערמאהנט דעם משכן און דערנאך דעם ארון, משה אבער אין זיין מעס־עדזש צו בצלאל'ן האט געענדערט דעם סדר, און פריהער דער־מאהנט דעם ארון און נאכדעם דעם משכן. האט בצלאל דערויף רעאגירט און געזאגט: "משה רבינו, די וועלט פיהרט זיך, אז פריהער בויעט מען אויס די הויז און נאכהער מאכט מען די אויסשטאטונג, און דו זאגסט מיר פריהער צו מאכען דעם ארון מיט די כלים און נאכהער דעם משכן, וואו וועל איך אלזא ארייגשטעלען דעם ארון מיט די כלים, אז קיין משכן וועט נאך ניט זיין? אפשר האט דיר גאט געזאגט פריהער צו מא־כען דעם משכן און דאן דעם ארון מיט די כלים?" דערויף האט משה געענטפערט: "וואהרשיינליך ביזטו געווען אין "שאטען פון גאט" — "בצל־אל" און דערפאר ווייסטו".

איז עס אייגענטליך קשה'דיג פאר וואס האט טאקע משה געפונען פאר נויטיג צו ענדערען דעם סדר ווי גאט אליין האט איהם געזאגט?

זיינען אבער אין אמת'ן ביידע געדעכט געווען, אי משה אי בצלאל, און פון ביידען האבען מיר פיעל צו לערנען. דא איז א פראגע פון צוועק און פון מיטעל. דער צוועק פון דעם גאנצען משכן איז נאטירליך דער ארון מיט דער תורה. דער משכן מיט אלע כלים זיינען ניט מעהר ווי דער מיטעל צום צוועק, די מכשירים צום ארון. טעהארעטיש קען מען דעריבער פריהער דערמאהנען דעם ארון אלס די הויפט אישו פון דער גאנצער מלאכת המשכן, און משה, וועלכער האט מיט דער טעכנישער זייט דערפון ניט געהאט צו טהאן, האט אבזיכטליך דערמאהנט דעם ארון פריהער, וועלענדיג דערמיט שטעלען דערויף דעם טראפ, און זאלען טאקע די קומענדע דורות לערנען דערפון, אז אויך אין זייערע קלענערע משכן'ס אין געשטאלט פון שוהלען און בתי מדרשים זאל ניט די אויסערליכע זייט פארנעהמען דעם הויפט פלאץ נאר די אינערליכע — דער ארון און די תורה.

און קוקען מיר זיך צו צו אונזערע היינטיגע מאדערנע שוהלען, קאנסערוואטיווע סינאגאגען און להבדיל, רעפארם טעמפלען, וואו שווערע פארמעגענס ווערען פארשווענדעט פאר די חצוניות, פאר דעם אויסערליכען גלאנץ און דער רייכער אויסשטאטונג, ווערהענד די פנימיות, דער תוך אליין, די תורה איז עפעס ווי א מין טפל זאך און מאנכעס מאהל קיין טפל אויך ניט, ווייל זי פארנעהמט כלל קיין פלאץ ניט אין דעם לעבען פון יענע שוהל באזוכער — דאן פארשטעהען מיר גאנץ ריכטיג וואוהין משה האט געציעלט, ווען ער האט דעם ארון מיט דער תורה געגעבען דעם אויבענאן און דעם משכן מיט די כלים געשטעלט, ניט אין פאדערגרונט...

בצלאל אבער אלס דער טעכנישער מייסטער פון דעם אלעמען האט געקוקט דארויף מיט א פראקטישען בליק. ער פארשטעהט אויך, אז אין פרינציפ איז משה פאל-

שטענדיג געדעכט. פון דער פראקטישער זייט פון לעבען פאר־
שטעהט ער אבער, אז יעדער צוועק קען ניט ערדייכט ווערען
אהן א פאראויס באשטימטען מיטעל, וואס זאל פיהרען צום
צוועק און דער מיטעל מוז שטענדיג קומען פאר דעם צוועק.

אקוראד ווי די אותיות פון דער תורה מוזען האבען
דעם פארמעט כדי אויפצוהאלטען זייער גאנצקייט, זיי זאלען
ניט צושאטען ווערען, און אקוראד ווי די אותיות מיט'ן פאר־
מעט מוזען האבען די "מענטעלע", און די אלע זאכען מוזען
האבען דעם ארון קודש, אזוי מוז דער ארון אויך האבען דעם
משכן, וועלכער דארף דינען אלס דער גייסטיגער צענטער
ארום וועלכען עס זאל זיך קאנצענטרירען די גאנצע עבודת
הקדש. בצלאל זאגט: "וואו וועל איך אריינשטעלען דעם
ארון, אז קיין משכן וועט נאך ניט זיין" ? ווי קען מען ער־
ווארטען צו ערדייכען דעם צוועק איידער דער מיטעל איז גע־
שאפען געווארען ? דער ארון מוז האבען א משכן, די תורה
מוז האבען א ריינע סביבה, א גינסטיגע אטמאספערע, ווייל א
נשמה מוז האבען א גוף, א הימעל איבער'ן קאפ מוז אויך
האבען א באדען אונטער די פיס...

און קוקען מיר זיך ווידער אמאהל צו צום לעבען,
דאן איבערצייגען מיר זיך, ווי ריכטיג אויך בצלאל איז געווען
פון דעם פראקטישען שטאנדפונקט. די פאקטען פון לעבען
צייגען, אז דארט וואו ס'איז פאראן א אידישע אטמאספערע,
האט אונזער תורה אן אחיזה, און דארט וואו די סביבה איז ניט
אידיש ווערט די תורה פארשוועכט. נעהמען מיר צום ביישפיל
די סקול־פראבלעמע, זעהען מיר בולט דעם אונטערשיד פון
די קינדער, וועלכע געניסען זייער אלגעמיינע בילדונג אין די
פרעמדע גוי'אישע סקולס ביז די, וועלכע קריגען די זעלבע
אונטעררויכטונג אין אונזערע אייגענע אידישע סקולס אין גע־
שטאלט פון די "פאראקיעל סקולס". אויך די ערשטע באזוכען
גלייכצייטיג די אידישע תלמוד תורה'ס, אבער זייענדיג דעם

גרעסטען טהייל פון טאָג אין אַ פרעמדע סביבה, ווערען זיי אָב־געפרעמדט פון אידישען גייסט, און די אידישע למודים ווען אפילו זיי לערנען זיי, קענען זיך אָבער צו זיי ניט שטאַרק צו קלעפּען, ווייל די פרעמדע אַטמאָספערע האָט די אויבערהאַנט, די גאַס באַהערשט איהם, ער איז אַ קינד פון גאַס, פון דער פרעמד. עס פעהלט איהם דער אידישער משכן...

דאָס קינד אָבער, וועלכער געפינט זיך אַ גאַנצען טאָג אין אַ אידישע אַטמאָספערע, איז ער טאַקע דורכגעדרונגען מיט׳ן אידישען גייסט, און די תורה ווערט נקלט אין זיין מוח און נשמה.

עס שליסט זיך דעריבער זעהר הארמאָניש דער צווייטער מאמר אין דער דערמאָנטער גמרא, וועלכער לויטעט: ״אמר רב יהודה אמר רב יודע היה בצלאל לצרף אותיות שנבראו בהן שמים וארץ, כתיב הכא וימלא אותו רוח אלקים בחכמה ובתבונה וכתיב התם (משלי ג׳) ה׳ בחכמה יסד ארץ כונן שמים בתבונה״.

מצרף צו זיין אותיות איז דער סימבאָל פון שאַפען אַ באַדען פאַר דער תורה, ווייל, ווי אויבענגעזאָגט, קענען די אותיות נאָר דאַן זיך האַלטען מצורף צוזאַמען, ווען זיי האָבען אונטער זיך דעם פאַרמעט באָדען, און בצלאל האָט געוואוסט דעם דאָזיגען סוד, האָט ער דערפאַר פאַרשטאַנען, אַז דער משכן־באָדען מוז פריהער געשאַפען ווערען...

דער פאַרגלייך אָבער צו די ״אותיות שנבראו בהן שמים וארץ״ איז באַזונדער סימבאָליש פאַר דער משכן אַנגעלעגענהייט, און די ״גזירה שוה״ פון דעם ״בחכמה ובתבונה״ ביי בצלאל׳ן און דער ״בחכמה בתבונה״ ביי די בריאת שמים וארץ פון יענעם משלי־פסוק: ״ה׳ בחכמה יסד ארץ כונן שמים בתבונה״ איז פאָרטרעפליך צוגעפאַסט איינס צום צווייטען.

מיר האָבען שוין אין דער סדרה בראשית אָנגע־וויזען אויף די מיינונגם פאַרשידענהייטען צווישען די בית־שמאי און בית־הלל, וועגען דער וועלט באַשאַפונג (ציטירט פון מדרש רבה, פרשה א׳). די בית־שמאי באַהויפּטען, אַז דער הימעל איז פריהער באַשאַפען געוואָרען און נאָכהער די ערד, און די בית־הלל זאָגען פאַרקעהרט. ווענדיג אויסגלייכען דיביידע דעות, קומט ר׳ יוחנן מיט אַ מין פשרה אַז: ״לבריאה שמים קדמו ולשכלול הארץ קדמה״, וועלכעם מיינט אונגע־פעהר דער זעלבער אונטערשיד פון טעהאָריע ביז טעכניק איבער וועלכעם עס האָט זיך, ווי פריהער געזאָגט, אויסגע־דריקט דער אונטערשיד פון משה און בצלאל.

נון, דער משלי־פּסוק איז אין פולער איינשטימונג מיט בצלאל׳ס אויפפאַסונג, ווען פריהער ווערט דערמאָהנט ״יסד ארץ״ און ערשט דערנאָך ״כונן שמים״, און עס קלינגט זעהר שעהן דער טערמין ״יסד״ ביי דעם ״ארץ״, ווייל די ערד דאַרף זיין דער ״יסוד״ אויף וועלכען עס זאָל קענען זיין ״כונן״ שמים באַפעסטיגען דעם הימעל און מאַכען זי־כער און פעסט זיין עקזיסטענץ.

און דאָס וואָס בצלאל האָט געלערנט פון בריאת שמים וארץ, האָט ער טראַנספאָרירט אויף די מלאכת המשכן, וועלכעס איז אויך אַ בחינה פון שמים וארץ, דער ארון רעפּ־רעזענטירענדיג דעם שמים, און דער משכן, דעם ארץ... האָט דעריבער בצלאל׳ס חכמה און תבונה קאָפּירט די חכמה ותבונה פון בריאת שמים וארץ, און האָט מצרף אותיות געווען פון הימעל און ערד צו משכן און ארון... און אויף דער זעלבער ריכט־שנור פון די בית־הלל ליניע אויף וועמען דער מדרש פּאַסט צו אַ פיינעם משל: ״משל למלך שבנה פלטין משבנה את התחתונים אחר כך בנה את העליונים״, פריהער בויעט מען דעם יסוד און דערנאָך די גאַנצע געביידע. און דאָרט וואו

ס'איז דאָ אַ משכן אַלס יסוד איז שוין דאָ אַ סביבה, אַן אָט־מאָספערע און דער קיום פון ארון איז דאַן געזיכערט.

דרשנות'דיג, וואָלטען מיר געקענט געפינען אַן האַר־מאָנישען צוגאַנג אויך צום דריטען מאמר פון דער דערמאָהנטער גמרא אין פאַרבינדונג מיט דעם בצלאל שמועס.

דער דריטער מאמר לויטעט: "אמר רבי יוחנן אין הקדוש ברוך הוא נותן חכמה אלא למי שיש בו חכמה — — — דכתיב ובלב כל חכם לב נתתי חכמה". ר' יוחנן זאָגט, אַז גאָט גיט ניט קיין חכמה נאָר בלויז צו אַזעלכען, וואָס באַזיצט שוין חכמה, און דער באַווייז איז טאַקע פון די מעשה המשכן וואו דער פסוק זאָגט, אַז "אין האַרץ פון יעדען חכם האָב איך געגעבען חכמה".

איז דאָך אייגעטליך די פראַגע: די ערשטע חכמה מוז דאָך אויך קומען פון גאָט, טאָ ווי אַזוי זשע האָט גאָט גע־געבען די ערשטע חכמה, אויב פאַר איהר האָט נאָך דער מענש קיין חכמה ניט געהאַט?

ערקלעהרען דאַרויף די מפרשים, אַז דער "למי שיש בו חכמה" באַציהט זיך ניט אויף די חכמת התורה, זאָנדערן אויף "חכמת דרך ארץ", עס הייסט. אַז אַנדערש ווערט ניט נקלט די חכמת התורה סיידען, אַז פריהער איז דאָ חכמת דרך ארץ, אין אַנקלאַנג מיט דעם "דרך ארץ קדמה לתורה", פריהער חכמת ארץ, דער באָדען, און דערנאָך חכמת שמים, פריהער חכמת המשכן, און נאָכהער חכמת הארון, אַזוי אַז די אַלע דריי תלמודי'שע מאמרים זיינען האַרמאָניש צוזאַמענ־געשלאָסען און ציעלען אַלע צום הויפט געדאַנק, אַז דער באָדען, די סביבה איז פריהער פאַר אַלץ.

* *

*

ווי ווייט די סביבה פראַגע שפּילט די הויפּט ראָלע, איז צו זעהן אויך פון אַן אַנדער ענין אין דער זעלבער פרשה,

ווען משה גופא האָט זיך דערמיט אויסגענוצט אַלס פּאַרטייי־דיגונגס אַקט פאַר די זינדיגע אין דער מעשה העגל.

משה זאָגט צו גאָט: ״למה ה׳ יחרה אפך בעמך אשר הוצאת מארץ מצרים״, און אונזערע חז״ל ערקלעהרען, אַז משה האָט דאַ געשטעלט דעם טראָפּ אויף דעם ״אשר הוצאת מארץ מ צ ר י ם״ ווי צו זאָגען: וואָס האסטו, רבונו של עולם, געקענט ערוואַרטען פון אַ פאָלק, וואָס האָט זיך געפונען אַזאַ לאַנגע צייט אין אַזאַ אומריינע סביבה פון ערות מצרים? לעי־בענדיג אין אַזאַ העסליכע אַטמאָספערע האָבען זיי דאָך ניט געקענט בעסער זיין?...

דער זעלבער משה צייגט ווידער אַ ביישפּיעל ווי ווייט די אַטמאָספערע האָט צו טהאָן מיט דער תורה, און טאַקע ווידער אין דער זעלבער פּרשה, ווען גלייך נאָך דעם שענדליכען אַקט פון עגל, זאָגט דער פסוק:

״ומשה יקח את האהל ונטה לו מחוץ למחנה הרחק מן המחנה וקרא לו אהל מועד״.

משה שפּירט, אַז נאָכדעם ווי די עגל־זינד האָט פאַר־אומרייניגט די אַטמאָספערע אין דער אידישער מחנה, מוז ער אַברוקען זיין אהל ווייט פון דער דאָזיגער אַטמאָספערע אויף אַ ריינערען פּלאַץ. אין יענער פאָלקס אַטמאָספערע קען ער מעהר זיין אהל מועד ניט אָנהאַלטען. די סביבה איז ניט גינס־טיג, דער באָדען איז ניט פעסט...

און נאָך ווייטער אין דער זעלבער פּרשה קומט נאָכ׳ן פאַרזאַג:

״שמר לך את אשר אנכי מצוך היום, הנני גורש מפניך את האמרי והכנעני — — —

השמר לך פן תכרת ברית ליושב הארץ אשר אתה בא עליה פן יהיה למוקש בקרבך״.

עס איז אומבאדינגט נויטיג געווען צו אויסראטען די פעלקער כדי דורך דעם דיזינפעקצירען די אטמאספערע, רייניגען דעם אויר, און שטרענג איז פארבאטען געווארען צו שליסען פריינדשאפט מיט די איינוואוינער פון לאנד כדי עס זאל זיך ווידער ניט פארמירען א מין ערות מצרים — פן יהיה למוקש בקרבך...

און ווי געזאגט, האבען מיר זעהר פיעל צו לערנען פון דער היינטיגער פרשה. א משכן מוז צום אלעם ערשטען געשאפען ווערען אויב מיר ווילען פארזיכערען אן עקזיסטענץ פאר אונזער תורה.

# ויקהל-פקודי

(פרשת החודש)

## שלילת הגלות וחיוב הגאולה

**... החדש הזה לכם ראש חדשים,
ראשון הוא לכם לחדשי השנה.**
**(יב — ב)**

און עס דיסקוטירען אונזערע חכמי ישראל אין באַ־צוג צו די קומענדע גאולה: "חד אמר בניסן עתידין להגאל וחד אמר בתשרי עתידין להגאל". איינער זאָגט, אַז די לעצטע אידישע גאולה וועט אויך זיין אין ניסן, וועהרענד אַ צווייטער זאָגט, אַז זי וועט גאַר זיין אין תשרי.

איז דאָ אָבער ניט בלויז אַ לוח־דעבאַטע, ווייל אויסער די ווערטערליכע איבערזעצונג פון די דיסקוסיע איז דאָ אויך פאַראַן אַ פסיכאָלאָגישע אָבהאַנדלונג, וועלכע קריגט איהר אָבקלאַנג אויך אין אונזערע דורות. עס איז אַ טעמע, וועלכע דיענט אַלס מאַטעריאַל פאַר דיסקוסיעס וועגען די הויפט סבות, וואָס האָבען געגעבען דעם שטוים צו אונזער נאַציאָנאַלע באַוועגונג, צו זיינען אָט די סבות פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע. אין אַנדערע ווערטער: צו קומט די דחיפה צו דער גאולה באַוועגונג אַלס רעזולטאַט פון די גלות איבלען אַזוי אַז די באַוועגונג איז אַ קאָנסעקווענץ פון דעם כח־הדוחף, אָדער איז עס אַ באַוועגונג, וואָס קומט פון דער פּאָזיטיווער זייט און איז אַ רעזולטאַט פון דעם כח־המושך פון ארץ ישראל? נאָך פשוט'ער גערעדט: איז דאָס אַנטלויפען פון גלות די הויפט אורזאַכע פון דער באַוועגונג אָדער דאָס לויפען קיין ארץ ישראל?

ניסן און תשרי דריקן סימבאליש אוים די ביידע זייטען פון דער דעבאטע, ניסן רעפרעזענטירענדיג די פאזי-טיווע זייט, און תשרי, די נעגאטיווע.

ביידע מאנאטען פאנגען אן א נייעם סעזאן אין דער צייט רעכענונג. דער אונטערשיעד איז דאס, וואס ניסן אלס דער פריהלינג חודש איז אן התחלה פאר דעם ליכטיגען פרעה־ליכען זומער, און תשרי זאגט אן דעם קומענדען מעלאנכא-ליש טונקעלען ווינטער; ניסן שאפט די געהעריגע גאולה שטימונג פון דער פאזיטיווער זייט וועלענדיג לויפען צום נאציאנאלען זומער, צום ליכטיגען פרעהליכען ארץ ישראל פריהלינג, וועהרענד תשרי שאפט גאולה שטימונג פון דער נעגאטיווער זייט וועלענדיג אנטלויפען פון דעם גלות׳דיגען טונקעלין ווינטער. ניסן איז דער סימבאל פון די לוסטיגע אביב טעג, און תשרי דער סימבאל פון ימים נוראים...„

און דא דריקט זיך אוים די מיינונגס פארשידענהייט פון די דערמאהנטע דעות. זיינען אנדערע מיט דער מיינונג אז ״בניסן עתידין להגאל״, נאר ניסן מיט זיין אפטאמיסטישער גאולה שטימונג איז אימשטאנד צו שאפען די געהעריגע פאלקס אינספיראציע, וואס זאל ברענגען צו רעאלע מעשים און דער-נענטערען אונזער גאולה. און אנדערע ווידער טענה׳ן פאר-קעהרט: ״בתשרי עתידין להגאל״. אז דוקא דער דרוק פון די גלות׳דיגע ״ימים נוראים״ קען געבען דעם ריכטיגען שטוים פארווערטס אויף דעם וועג פון אונזער גאולה מארשרוט.

זיינען באמת ביידע מיינונגען באגרינדעט. ניט נאר האבען זיי א טעהארעטישען באדען אונטער זיך נאר אויך א פראקטישען. דער לעבען מאכט פלאץ פאר ביידען, און מיר האבען טאקע אין אונזער באוועגונג ציוניסטען פון ביידע מינים, ניסן-ציוניסטען און תשרי-ציוניסטען. די ערשטע גע-הערען צו דער באלפור תקופה, זיי זיינען דעקלעראציע גרים וואס די שעהנע פריהלינגס דעקלעראציע זון האט א שיין גע-

טהאָן אויף זיי און זיי געמאַכט פאַר ציוניסטען, ס'האָט זיי געגעבען די נויטיגע שטימונג, וועהרענד איידער די דאָזיגע זון האָט אָנגעהויבען שיינען, זיינען זיי געשטאַנען פון ווייטען, גלייכגילטיג און פּאַסיוו צו דער גאַנצער באַוועגונג.

און מיר האָבען אויך תשרי-ציוניסטען ביי וועמען דער ציוניזמוס איז, ווי געזאָגט, אַ רעזולטאַט פון דעם "שלילת הגלות", און וואָס מעהר דער יאוש און גלות איז געוואָרען גרעסער אַלץ העכער האָט זיך געהויבען זייער ציון-קורס, און אַלץ גרעסער האָט געשטיגען זייער באַגייסטערונג פאַר דער גאולה-באַוועגונג.

עס איז קלאָהר דער אונטערשיעד פון די ביידע סאָרטען ציוניסטען. די ניסן-ציוניסטען זיינען "תנאי-ציוניס-טען", אַזוי לאַנג ווי די פריהלינג זון שיינט און אַזוי לאַנג ווי די אָפּטאָמיסטישע ניסן תקופה עקזיסטירט, האַלטען זיי זיך אינ'ם ציוניזם, קוים אָבער ווערט דער הימעל אַביסעל פאַר-כמאַרעט, די זון פאַרשווינדט פאַר אַ ווייַלע, אַזוי פאַרשווינדט אויך זייער שטימונג צוזאַמען מיט זייער ציוניסטישער אמונה, דערפאַר זיינען זיי דאָך תנאי-ציוניסטען, און לויט'ן כלל פון "אהבה התלויה בדבר" איז דאָך "בטל דבר בטלה אהבה", און אויב זייער ציוניזמוס איז נאָר אַ פּראָדוקט פון ניסן, טאָרען זיך אין איהם פאַלגליך קיין תשרי וואָלקענס ניט באַווייזען...

די תשרי-ציונסיטען אָבער זיינען שוין ניט קיין תנאי-ציוניסטען, זייער ציוניזם איז אונקאָנדיציאָנעל, זיי זיינען "טראָץ" ציוניסטען, טראָץ אַלע שווערינקייטען, טראָץ אַלע וואָלקענס, טראָץ אַלע מכשולים. אָדער אפשר געזאָגט: זיינען זיי גאָר "ווייל" ציוניסטען, ווייל אַלע מכשולים, ווייל אַלע שווערינקייטען און ווייל די פאַרכמאַרעטע הימלען — ווייל די אַלע זאַכען, דאַרף מען ערשט אָנשטרענגען אַלע כחות זיי צו באַקעמפפען און אויסטרעטען די גאולה וועג. פאַר זיי, אויב זיי זיינען מיט תקופת תשרי צופרידען, זיינען זיי דאָך מיט

ניסן אודאי צופרידען, און ממילא זיינען זיי שוין גאנץ יאהרי־גע ציוניסטען און נים קיין סעזאנ׳דיגע...

על פי רוב טהיילען זיך איין די צוויי קאטעגאריעס לויט זייערע גלות טעריטאריעס. די אידען למשל, וואס וואוינען אין ליבעראלע לענדער, דארטען וואו דער גלות דרוק איז נים אזוי שטארק קענטיג און האבען נים קיין עקאנאמישע אדער פאליטישע אורזאכען אויף צו וועלען אנטלויפען פון גלות, די זיינען מעהרסטענס ניסן־ציוניסטען. ביי זיי קען דער ציון־קורס זיין גוט בלויז דעמאלט ווען דער הימעל איז לויטער און דער ציון וועג איז אויסגעפלאסטערט מיט בלומען. די אבער, וועל־כע לעבען אין די לענדער וואו דער גלות פארפאלגט אויף אלע געביטען, ביי זיי איז מעהרסטענס דער שלילת־הגלות דער הויפט מאטיוו פאר דעם גאולה שטוים, זיי זיינען עס ציוני־תשרי.

װאלט אייגענטליך געדארפט זיין, אז די ציוני־ניסן זאלען זיין שטארקערע און בעסערע ציוניסטען פאר די ציוני תשרי, ווייל ביי זיי איז דאך די שטימונג א בעסערע, ס׳איז דאך ניטא דער ״מקוצר רוח ומעבודה קשה״, וואס איז פאראן ביי די ציוני תשרי... און דאך איז דער פאקט נים אזוי. איז עס אויך טהיילוויז פסיכאלאגיש פארשטענדליך. די וואס זיינען צו געוואוינט צו חיי שלוה זיינען נים מסוגל צו קיין פיא־נערישע אפפערווילינקייט. א לייכטע גאולה — מהיכי תיתי, א גאולה אבער וואס איז שוין פארבונדען מיט א געוויסע מאס פון מסירות נפש, צו אזא גאולה זיינען זיי שוין נים איבעריג פעהיג.

אזוי איז עס. די פראגע איז אבער צו דארף עס אזוי זיין?

דער ענטפער איז פשוט: עס דארף געווים נים אזוי זיין. אויך א ניסן גאולה דארף זיין גרייט און פעהיג פאר קרבנות, ווייל בכלל קען גאר קיין גאולה נים זיין אהן קרבנות.

די הײנטיגע פרשה, פרשת החודש, שלאָגט אָן דעם ריכטיגען טאָן אין דיעזער פראַגע. דער "ויקחו להם איש שה לבית אבות", וואָס איז דער ערשטער רוף פאַר דעם קרבן פסח, איז דאָך אַ רוף פאַר דעם "החודש הזה", פאַר דער ניסן גאולה און אויך דאָ איז דער אַלף פון דער גאולה, דער ק ר ב ן... און די אַרט און וויזע און די באַדינגונגען פון יענעם קרבן פסח זײנען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבען דעמאָנסטרירט ניט בלויז דעם "שה" נאָר אויך דעם מ ע נ ש ל י כ ע ן קרבן, ווייל דאָס נעהמען די שעפּס פיער טעג פריהער האָט דאָך דעמאָנסטרירט אָן עפענטליכען רעוואָלוציאָנערען אַרויסטריט געגען די מצריים: "הן נזבח תועבת מצרים לעיניהם ולא יסקלונו ?"... האָט דאָך עס ווירקליך געפאָדערט אָן אַקט פון אמת'ע מסירות נפש און דאָך איז קײנער ניט אָבגעשטאַנען דערפון, ווייל עס איז בײ אַלעמען קלאָהר פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז אירגענד וועלכע גאולה מוז זײן פאַרבונדען מיט מסירות נפש און קרבנות...

* * *

און ניט אומזיסט פראָקלאַמירט די תורה: "החדש הזה לכם ראש חדשים" !

ווי באַוואוסט איז דיעזער פסוק, וואָס דיענט אַלס אײנלײטונג צו די מצוה פון קרבן פסח, אויך אַ באַזונדער מצוה אָן און פאַר זיך. עס איז די מצוה פון "קדוש החודש". און חז"ל קאָמענטירען דאַרויף:

"החדש הזה לכם — אומות העולם מונין ל ח מ ה וישראל ל ל ב נ ה". אָט דאָ ליגט דער אונטערשיד פון אידען ביז ניט אידען. אָט דאָ ליגט דער סוד פון אונזער עקזיסטענצ-לאָזיגקייט. זיי, די אומות, צײלען זײער צייט רעכענונג נאָר לויט דער ז ו ן, נאָר דעמאָלט ווען די זון שײנט פאַר זיי, ווען דער גליק שמייכעלט צו זיי, דעמאָלט האָבען זיי אַ צייט רע-כענונג, דעמאָלט איז זײער צייט, דעמאָלט קענען זיי עקזיס-

טירען. זייער צייט איז אָבער נ י ט דעמאָלט ווען די זון שיינט ניט, ווען עס איז נ אַ כ ט, ווען ס׳איז די תקופת הלבנה. אין אַזאַ צייט פאַרשווינדען זיי פון דער ביהנע פון לעבען. ביי זיי פאַנגט זיך אָן דער מעת־לעת מיט די ליכטיגע מאָרגען שטונ־דען: ״יום ולילה לא ישבותו״, פריהער דער ט אָ ג. דער טאָג איז דער יסוד פאַר זייער קיום, די זון, דער פונדאַמענט פון זייער עקזיסטענץ. ביי אידען אָבער איז די צייט רעכענונג נאָך דער לבנה, און אין דעם באַשטעהט אונזער שטאַרקייט צו קענען אָנהאַלטען די פּאָזיציעס אפילו דעמאָלט ווען עס איז נאַכט... און דאָס איז דער אידישער סימבאָל, וואָס ביי אונז פאַנגט זיך דער מעת־לעת אָן גראַדע מיט דער נאַכט: ״ויהי ע ר ב ויהי בקר״, פריהער ע ר ב און נאָכהער בקר...

און אונזער תורה דעמאָנסטרירט מיט דעם ״החדש הזה לכם״, אָט דעם דאָזיגען געדאַנק, אַז אפילו ווען מען האַלט ביי דער ניסן תקופה, אפילו ווען עס שיינט די זון ליכטיגקייט פון דעם פרעהליכען פריהלינג, אויך דאַן זאָלסטו געדענקען דעם קדוש החדש, וואָס איז פאַרבונדען מיט דער לבנה... מיט דער נאַכט... ווייל — החדש הזה ל כ ם, פ אַ ר א י י ך איז די לבנה דער סימבאָל, ״אתם מונין ללבנה״...

און בלויז דאַן ווען איהר וועט זיך פאַרטיפען און מיט ערנסטער כונה לערנען אָט דעם ע ר ש ט ע ן פסוק, וועט איהר שוין דאַן אויך קענען לערנען דעם צווייטען פסוק ״ויקחו להם איש שה״, איהר וועט דאַן פאַרשטעהן, אַז אפילו אין די בעסטע צייטען דאַרף מען אימער זיין צוגעגרייט פאַר קרבנות...

דער אידישער לעבענס פּראָצעס איז בכלל שטאַרק פאַרגליכען צו דער לבנה. ״שהם עתידים להתחדש כמותה״, אַקוראַד ווי די לבנה נאָכדעם ווי זי פאַרגעהט שוין אין גאַנ־צען ענדע מאָנאַט און עס דוכט זיך אויס, אַז זי איז שוין אויף אייביג פאַרשוואונדען, און צום סוף געדויערט ניט לאַנג און זי לעבט ווידער אויף און הויבט ווידער אָן שיינען, אַזוי איז

עס אויך מיט דעם אידישען פאָלק. מעהרערע מאָהל האט שוין געטראָפען אין אונזער געשיכטע ווען עס האָט אויסגעזעהן, אַז אָט אָט געהט שוין חלילה אונטער דער גאַנצער פאָלק, אָבער באַלד איז געקומען אַ נייע "להתחדש כמותה" תקופה און אונזער הימעל האָט זיך ווידער אויסגעלויטערט...

און אויב אין דער קדוש לבנה תפלה דריקען מיר אויס אַ וואונש: "למלאות פגימת הלבנה", אויסצופילען די "פגימה" פון דער לבנה, ליגט דערין סימבאָליש אַ פאָרוואורף צו אונזער ציוני־ניסן אין באַצוג צו ז י י ע ר פגימה, וועלכע איז אין איהר אייגענשאַפט אויך עהנליך צו דער לבנה־פגימה, וועלכעס איז מעהרסטען טהייל אַ רעזולטאַט פון איהר דערנעהנטערען זיך צו דער זון, און אויך זיי, די ציוני־ניסן ווערען אָפט שטאַרק "נפגם" דורך זייער נאָהנטקייט צו דער ליכטיגער זון אין די לענדער וואו זיי געפינען זיך...

החדש הזה ל כ ם! דאָס איז אונזער נאַציאָנאַלער רוף. געהרט צו אייך אַליין, זייט ניט צו נאָהנט צו די זון־פעל־קער... אסימילירט זיך ניט מיט זיי, געדענקט, אַז איהר זייט אַ לבנה פאָלק, און דאַן וועט איהר קיינמאָהל אין קיין יאוש ניט אריינפאַלען, ווייל אפילו אין תשרי ווען די לבנה איז פאַרדעקט, ווען עס איז "בכסא" איז דעמאָלט אויך — "ליום ח ג נ ו" אויך יום־טוב'דיג... און אויך דעמאָלט הערט זיך דער "תקעו בחדש שופר" די טענער פון דעם גאולה שופר ווערען דאַן אויך ניט פאַרשטיקט...

החודש הזה לכם!...



# ויקרא

## האמונה והשכל

**אדם כי יקריב מכם קרבן לה׳**
**(א — ב)**

לויט׳ן כלל, אז ״מנהג ישראל תורה היא״ וואלט זיך וועלן בעלייכטען דעם מנהג, וואס איז געווען איינגעפיהרט פון דור דורות און אין פיעלע אידישע מקומות נאך היינט אויך, אנצופאנגען מיט א קינד, וואס דארף אנהויבען חומש דוקא מיט דער כדרה ויקרא און ניט מיט בראשית.

עס מאכט ניט אויס אויב די וואס פאלגען נאך די דאזיגע טראדיציע טוהען עס באוואוסטזיניג אדער ניט. עס מעג זיין נאאיוו אדער אינסטינקטיוו, עס איז אבער קיין ספק ניט, אז דער מנהג האט א פעדאגאגישען באדען אונטער זיך, איז עס דעריבער כדאי זיך אבצושטעלען און פארטראכטען וועגען דעם.

און נאטירליכערוייזע מוז מען שוין גלייכצייטיג זיך אבשטעלען איבער דעם גאנצען ענין פון קרבנות אן און פאר זיך, אן ענין, וועלכער האט באשעפטיגט די גרעסטע מוחות פון אונזער פאלק. אנפאנגענדיג מיט דעם ״נשר הגדול״ דער רמב״ם און נאך איהם די גדולי האומה אין די שפעטערדיגע דורות.

אלע האבען זיך געגריבעלט און געגרונטעוועט וועלענדיג געפינען א פאסענדע ערקלעהרונג וואס זאל ווארפען א ליכט אויף דעם דאזיגען ענין. וועלכער קוקט אויס אונ-

פאַרשטענדליך. די סודות'דיגע זייט פון דעם ענין איז זיך נאַ־מירליך אַ פרשה פאַר זיך, אָבער פון דער פשוט'ער זייט וואָלט זיך אויך וועלען געפינען אַן ערקלעהרונג און אַט דאָס האָבען זיך די גדולים באַמיהט צו באַווייזען יעדערער פון זיי אויף זיין אייגענאַרטיגען דרך.

דוכט זיך אונז אָבער, אַז פון אַ גאַר פשוט'ער זייט איז די בעסטע ערקלעהרונג צו די מעשה הקרבנות דאָס וואָס עס האָט קיין ערקלעהרונג ניט. די טעם'לאָזיגקייט פון די קרבנות. דאָס גופא איז דער בעסטער טעם דערפון...

מעג עס אפילו קלינגען אַביסעל רעטזעלהאַפט, איז עס דאָך אָבער אַ פאַקט, אַז אידישקייט אַן און פאַר זיך אַזוי גוט ווי די אידישע תורה, זיינען דורכאוים באַגרינדעט אויף דעם יסוד פון אמונה, פון ריינעם גלויבען און ניט אויף די יסודות פון פאַרשונגען, פון חקירות, שכל און לאָגיק. בכלל איז דאָך חקירה און אמונה אַ קאָנטראַסט איינע צו די אַנדע־רע; שכל און גלויבען זיינען צוויי געגענזעצטע עלעמענטען, צוויי טערמינען פון וועלכע איינער איז סותר דעם אַנדערען, אויב מען פאַרשטעהט מיט'ן שכל דאַרף מען דאָך ניט גלויבען און אויב מען גלויבט דאַרף מען דאָך ניט פאַרשטעהן.

און אויב אונזערע י"ג עקרים זיינען געבויט אויף דעם "אני מאמין", דעמאָנסטרירען מיר דאָך דערמיט אַליין, אַז מיר זיינען אַן "אמונה" פאָלק וואָס די אמונה איז דער הויפט פאַקטאָר און ניט דער שכל. געווים מיינט עס ניט אַז אויף'ן געביט פון שכל זיינען מיר הינטערשטעליגג געגען אַנדערע פעלקער, אַזאַ באַהויפטונג וואָלט שוין גאַר ניט געווען שכל'דיג און עס וואָלט זיין דער גרעסטער אַבסורד. אויב מיר וואָלטען דאָס צוגעבען, וואָלט אונזער טיטול פון "עם נבון וחכם" געווען אַ מיסרעפרעזענטאַציע און דער טיטול "תלמיד־חכם" מיט וועלכען מען באַצייכענט אַ תורה־אידען וואָלט געווען באַנק־ראָט.

און קען דען ווער עס איז אַבלייקענען, אַז דער קוואַל פון שכל ליגט דוקא אין דער אידישער תורה, שוין ניט רעדענדיג פון דעם יורידישען טהייל פון אונזער תורה, דער "חושן משפט" אונזערער, וועלכער איז דער קוואַל פון שכל און טיעפזיניגקייט, דער פאונטיין פון לאָגיק און געזונטען פארשטאַנד, נאָר אפילו אויך דער "יורה דעה", למשל וואָס האָט גאָר צו טהאָן מיט כשר און טרפה פּראָבלעמען, אָדער די אַנדערע חלקים פון אונזער תורה זיינען דאָך אויך דורכאויס געוועבט און געשפּינט אויף די מוח שפּאַלטענדע סברות, וואָס נאָר אַזעלכע בעלי מוח ווי די פּראָפעסער זיינען געוועזן האָבען עס געקענט אַרויס־ברייננגען.

איז ניט נאָר פאַלען מיר ניט אַרונטער געגען אַנדערע אין וואָס אַנבעלאַנגט שכל נאָר שטעהען געווים העכער פאַר אַנדערע, אָבער גראָדע דערפאַר וואָס מיר האָבען מעהר שכל פאַר אַנדערע זיינען מיר מיט אונזער שכל דערגאַנגען, אַז דער שכל פון שטערבליכען מענשען קינד איז אַזוי באַגרעניצט ווי דער מענש אַליין און קוים איז דאָ אַ געוויסער גרעניץ צום שכל מוז זיך דאָך דער שכל אָמאָהל אָבשטעלען און קען ניט געהן ווייטער, זיינען מיר דערפאַר געקומען צום באַשלוס. אַז אַזוי ווי די גאָטהייט איז דאָך נ י ט באַגרעניצט, איז דאָך ממילא די אידישע תורה, וועלכע איז אויך אַ יצירה פון דער גאָטהייט, אויך ניט באַגרעניצט, מעגען דאָך דעריבער אין דער דאָזיגער תורה זיין אַזעלכע ענינים צו וועלכע דער מענשליכער באַגרעניצטער שכל קען ניט דערגרייכען, איז דאָך דערפאַר אומזיסט דאָס גריבלען זיך אין זיי וועלענדיג דערגרייכען צו זייער גרעניצלאָזען ברעג מיט אונזער באַגרעניצטען כח. שטעלען מיר זיך דעריבער אָפּ און זאָגען: "עד פה תבא" און מעהר ניט, אָבער קענען ניט מבטל זיין דאָס אומפאַרשטענדליכע, וועלכעס איז אין אמת'ן יאָ פאַרשטענדליך נאָר די פאַרשטענד־

ליכקייט איז איבער די גרעניצען פון אונזער פארשטאנד און מיר קענען עס דערפאר ניט דערגרייכען.

אויף יענע אומפארשטענדליכע ענינים וועגדען מיר דעריבער אן אונזער לאזונג פון "במופלא ממך אל תדרוש" און לאזען עס איבער צום צווייטען פאקטאר פון "אמונה", וואס איז, ווי געזאגט, דער יסוד היסודות פון אונזער אידיש־קייט.

און די דאזיגע אמונה איז ניט נאר א פארזיכערונגס מי־טעל פאר יענע טהיילען וואו דער שכל גרייכט ניט, נאר אויך פאר די טהיילען וואו דער שכל גרייכט יא. עס איז דאך א באוואוסטע זאך, אז דער מענשליכער שכל און לאגיק זיינען אין מאנכע פעלע אונטערווארפען געוויסע אומשטענדען און צייט באדינגונגען, און קוים בייטען זיך די דאזיגע אומשטענדען און באדינגונגען, קען זיך דער שכל און די לאגיק אויך אומ־בייטען. אין אזא פאל וואלטען שוין די שכל'דיגע מצות אויך ניט געוועזן פארזיכערט און גאראנטירט מיט אייביגער עק־זיסטענץ. דא קומט שוין די אמונה צו הילף און קלעפט אויף א "לייבעל" פון אייביגקייט און לאזט ניט אומבייטען קיין איין איינציגע מצוה, ווייל אזוי גיך ווי מיר קומען נאר צו צום גרע־ניץ וואו דער שכל ענדיגט זיך, פאלט שוין די דאזיגע מצוה ארויס פון דער קאטעגאריע פון לאגיק און פארשטענדליכקייט און פארנעהמט שוין איהר פלאץ אין דער צווייטער קאטעגאריע דארט וואו דער שכל האט שוין קיין שליטה ניט און ווערט שוין איבערגעגעבען אין די הענט פון אמונה און אזוי ארום ווערט זי שוין ממילא אן אייביגקייט.

דאס לעצטע קען אמבעסטען אילוסטרירט ווערען מיט א בעקאנטען תלמוד'ישען עפיזאד אין מסכת שבת. די משנה גיט איבער דעם דין: "ולא יקרא לאור הנר" (שבת טאר מען ניט לערנען פאר דער ליכט פון א לאמפ) אין דער משנה גופא ווערט ניט אנגעגעבען קיין אורזאכע פאר וואס מען

טאָר ניט, די גמרא אָבער ערקלעהרט יאָ דעם טעם דערפון, ווייל איך האָב מורא "שמא יטה", עס הייסט, טאָמער וועט דער פייער ניט ברענען אַזוי ליכטיג וועט דער לערנער פּרובי-רען עס צו פיקסען, פאַרגעסענדיג, אַז עס איז שבת.

דערצעהלט די גמרא, אַז ר' ישמעאל האָט געזאָגט: "אני אקרא ולא אטה" (איך וועל לערנען און בין זיכער, אַז איך וועל ניט נכשל ווערען). דער פאַקט איז אָבער געווען, אַז "קרא והטה", ער האָט געלערנט און איז יאָ נכשל געוואָרען. האָט ר' ישמעאל דאַן געזאָגט: "כמה גדולים דברי חכמים שאמרו ולא יקרא לאור הנר", ווי גרויס זיינען די רייד פון די חכמים, וואָס האָבען געזאָגט, אַז מען טאָר ניט לערנען פאַר אַ ליכט.

שטעלט זיך דאָך די פראַגע. וואָס פאַר אַ נייעס איז דאָ אייגענטליך ענטדעקט געוואָרען פאַר דעם גרויסען תנא, וואָס ער זאָל פריהער ניט האָבען געוואוסט? ער האָט דאָך געוואוסט דעם דין פון "ולא יקרא לאור הנר" פריהער אויך און דאָך האָט ער עס ניט ערנסט גענומען, און אויב ער איז טאַקע יאָ נכשל געוואָרען איז עס דאָך ניט אויפ'ן רעכענונג פון די חכמים'ס גרויסקייט נאָר אויף זיין שוואַכקייט, טאָ וואָס זשע איז דער אויסדרוק: "כמה גדולים דברי חכמים"?

זאָגען דארויף טאַנכע מפרשים, אַז ר' ישמעאל האָט געמיינט מיט זיין "כמה גדולים דברי חכמים" אונטערצושטריי-כען דער פאַקט, וואָס אין דער משנה איז דער דין אָוועקגע-שטעלט געוואָרען אַלס אַ געזעץ ניט אָנגעבענדיג דערביי דעם טעם פון "שמא יטה", דערין גופא האָט דער תנא דערשפּירט די גרויסקייט פון די חכמים, ווייל אויב זיי וואָלטען יאָ אָנ-געגעבען דעם שכל'דיגען טעם, וואָלטען דאָך געוויס טאַנכע געקומען, ווי עס איז טאַקע געווען דער פאַל מיט איהם, ר' ישמעאל'ן אַליין, און געשטעלט אויף זיך, אַז זיי דאַרפען דער-פאַר קיין מורא ניט האָבען און קענען זיך דערפאַר ערלויבען

איבערטרעטען דעם דאָזיגען געזעץ, האָבען זיי אָבער געזאָגט סתם "מען טאָר ניט", איז שוין דער דין ניט פאַרבונדען מיט קיין שכל'דיגע טעמים, און ווערט בינדענד פאַר אַלעמען, און כאָטש דער "שמא ימה" איז טאַקע איצט אויך דער הויפּט מאָטיוו פון דעם געזעץ איז אָבער דער געזעץ אַליין ניט אָב־הענגיג דוקא אין דעם מאָטיוו, נאָר ווערט פאַרזיגעלט מיט דער טראַדיציאָנעלער אמונה פון "מען טאָר ניט" און ווערט אַזוי אַרום אַן אייביגקייט.

זיינען דערפאַר פון דיעזען שטאַנדפּונקט די אַלע מצות פון אונזער תורה, וועלכע געהרען צו דער קאַטעגאָריע פון "חוקים" און האָבען ניט קיין שכל'דיגען באָדען אונטער זיך, און צווישען וועלכע דער ענין פון קרבנות פאַרנעהמט דעם אויבענאַן, זיינען אַט די אַלע חוקים די הויפּט יסודות פון אונ־זער שמירת התורה, זיי זיינען דער "סעקוראַציאָנס לייבעל" צו פאַרזיכערען דעם עקזיסטענץ פון דער גאַנצער תורה, די פאַרשטענדליכע טהיילען אַזוי גוט ווי די ניט פאַרשטענד־ליכע.

ניט אומזיסט ווערט איינער פון דעם דאָזיגען מין שכל־לאָזיגע געזעצען, די "פרה אדומה", באַצייכענט אונטער דעם טיטול פון "זאת חוקת התורה" און ניט "זאת חוקת הפרה", וואָס וואָלט זיך אפשר גיכער צופּאַסען פאַר דעם אינדיווידו־עלען געזעץ פון דער פרה אדומה. אָבער דאָ איז פאַראַן דער סימבאָלישער וואונק, אַז אַט דער סוג מצות, וואָס קלאַסיפיצירט זיך אונטער דער קאַטעגאָריע פון "חוקים", היט ניט בלויז אָפּ די גאַנצקייט פון זיך אַליין נאָר איז אויך אַ שמירה פאַר דער גאַנצקייט פון דער גאַנצער תורה. זאת חקת — התורה!...

איז טאַקע אויף אַזאַ אופן זעהר האַרמאָניש די בע־קאַנטע צוויי אני מאמינ'ס, איינער וועלכער זאָגט: "אני מאמין

באמונה שלמה שהבורא יתברך שמו אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי הגוף ואין לו שום דמיון כלל".

און דער צווייטער:

"אני מאמין באמונה שלמה שזאת התורה לא תהא מוחלפת ולא תהא תורה אחרת מאת הבורא יתברך שמו".

איינס איז פארבונדען מיט'ן צווייטען, און דער צווייטער איז אַ פירוש אויף'ן ערשטען, ווייל קוים גלויבען מיר, אַז די מענשליכע השגה איז באַגרעניצט און קען ניט משיג זיין די געטליכקייט, קען מען דאָך שוין קאָנסעקווענציאָנאַל אויך ניט משיג זיין די געטליכע תורה. דאָרט וואו דער "יוצר" איז באַגרייפונגסלאָז איז דאָך דאָס זעלבע אויך מיט דער "יצירה", קען שוין במילא די יצירה ניט זיין אונטערוואָרפען צו קיין חלופים און שנוים.

און אַט דערפאַר פאַסט זיך עס זעהר אַנצופאַנגען מיט קליינע חומש קינדער "ויקרא" אום דאַמיט צו דעמאָנסטרירען דעם געדאַנק און אונבאַוואוסטזיניג איינוואָרצלען אין די נשמות פון די קליינע קינדער, אַז דער יסוד פון אונזער תורה איז די "אמונה" און ניט דער "שכל".

תורת הקרבנות איז דער יסוד פון תורת ישראל, און דער קליינער איד איז דער יסוד אויף וועלכען עס בויעט זיך דער גרוסער איד, דאַרפען זיך דעריבער די דאָזיגעביידע יסודות צוזאַמענשמעלצען. "ויקרא" מיט דעם קליינעם "אלף" איז די "טריינינג סקול" פאַר דעם קליינעם אינגעל, וואָס האַלט ערשט ביים "אלף" פון אידישקייט...

"מנהג ישראל תורה היא"!

# צו

## ערב הגאולה והגאולה

### (שבת הגדול)

אונזערע אלטע חכמים האבען געשאפען די לאזונג פון "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת" (דער וואס גרייט זיך אן ערב שבת, דער האט וואס צו עסען שבת). און דאס איז א פעסט געשטעלטער כלל אין לעבען, סיי ביים יחיד און סיי ביים צבור. יעדער חשוב'ע זאך אין לעבען דארף האבען א געוויסע פארברייטונג, אן "הכשרה" פון פריהער, אן "ערב" שבת. ביי די פאלקס מאסען האט זיך דערפון פארמירט דער שפריכווארט: "ווי אזוי מען בעט זיך אוים, אזוי שלאפט מען".

ווי ווייט ריכטיג דאס איז קען מען זעהן פון די גאולת מצרים. אייגענטליך איז דאך דער הויפט צוועק פון דער גאולה געווען דאס קומען אין ארץ ישראל און ווערען א זעלבסטשטענ-דיגע נאציאן. יציאת מצרים, איז דאך נאר געווען דער פארשפיל פון די גאולה, דער מיטעל צום כניסת הארץ, און דאך איז דער גאולה-קלאנג פארקערפערט געווארען דוקא אין דער "יציאת" און ניט אין דער "כניסה" — יציאת מצרים...

און דאס איז דערפאר, וואס יציאת מצרים איז דער "ערב שבת" פון דער גאולה, און אין דעם איז אבהענגיג גע-ווען די גאנצע גאולה. בלויז דאן ווען די פארברייטונג אין גלות איז א באוואוסטזיניגע, האט דער אריינקומען אין א"י אן ערך און א חשיבות...

באליזירט דער "שבת הגדול" דעם לעבען אין גלות, דעם "ערב גאולה" מיט די הכנה צו דער גאולה.

און אין דער צייט ווען פסח אליין סימבאליזירט דעם חג החרות, דאס לעבען אין א פרייע נאציאנאלע און זעלבסט-שטענדיגע היים, אין א"י גופא, אין דער זעלבער צייט סים-

"שבת הגדול — מפני הנס הגדול שנעשה בו".

אונזערע חכמים זאגען: די מצוה פון קרבן פסח איז געווען אן אומבאדינגטע נויטיגקייט צום יציאת מצרים. זיי האבען אנדערש ניט געקענט ארויס פון מצרים סיידען זיי זאלען האבען כאטש איין איינציגע מצוה, וואס זאל דיענען אלם זכות צו דער גאולה. ניט גענוג, וואס קומענדיג אין א"י וועלען זיי שוין דעמאלט האבען א גייסטיגען באגאזש פון גאנצע תרי"ג מצות, געהענדיג קיין א"י דארפען זיי שוין אויך האבען עפעס אין זייער באזיץ. דער וועג אליין מוז אויך זיין אויסגעשטאט מיט א "צידה לדרך". עס דארף זיין די "הוספה מחול על הקדש", אז אין דעם חול זאל שוין זיין א "לחלוחית של קדושה", און אקוראד ווי שבת נויטיגט זיך אין א "תוספות שבת", אזוי נויטיגט זיך א גאולה אין א "תוספות גאולה", וועלכע זאל זיך נאך אנפאנגען אין גלות פונקט ווי דער תוספות שבת פאנגט זיך נאך אן אין דעם פרייטאג. מען דארף פריהער אבוואשען די שמוץ פון מצרים, און דאן ערשט קען מען מקבל זיין די קדושה-ליכט פון דער גאולה.

עס איז אמת ניט פון די גרינגע זאכען. שווער ארויפ-צוגעהמען אויף זיך אן עול מצות, ווען אפילו בלויז איין מצוה, דעמאלט ווען מען איז פארזונקען אין מ"ט שערי טומאה. אונ-טער אזעלכע באדינגונגען פאדערט דערביי מסירות נפש. דע-מאלט ווען מען דארף זאגען: "משכו ידיכם מעבודה זרה",

דאן איז דער "וקחו לכם צאן" נים בלויז א שאף־קרבן נאר אויך א מענשליכער קרבן...

און געווען איז דעמאלט א "נס גדול שנעשה בו", ווייל זייענדיג אין אזא פרעמדע שקלאפען סביבה איז שווער זיך אבגעוואוינען פון דעם שקלאפען לעבען און פיהלען פריי זעלבסטשטענדיג אויף אזוי וויים אזש צו קענען דעמאנסטראטיוו אויסברעכען אין א רעוואלוציע, און נאך אזא רעוואלוציע וואס קומט צושמעטערען די מצרים'שע אמונה. "נזבח תועבת מצרים"... דארף מען טאקע אנקומען צו נסים און טאקע צו א "נס גדול".

דער פאקט אבער צייגט, אז אזא נס געשעהט טאקע.

נאך מעהר דערפון: גראדע אין דער צייט ווען די שקלאפערשע נשמה האט געהאט די אויבערהאנט, ווען די אסימילאציע האט פראקלאמירט די געמיינשאפטליכע אמונה־פערוואנדשאפט צווישען איד און מצרי: "הללו עובדי עבודה זרה והללו עובדי עבודה זרה", און די טרוקענע לאגיק האט געזאגט, אז אונטער אזעלכע אומשטענדען זאל דער איד נים ליידען אלס איד, ווייל דער נאמען איד איז דאך בלויז א נאמען, אבער אהן אן אינהאלט, גראדע דאן האט דער איד אזוי שטארק געליטען און שקלאפיש פארפאלגט געווארען.

און דוקא איצט ווען דער איד האט געוואגט ארויס טרעטען מיט אזא שארפען רעוואלטירענדען גייסט, דוקא איצט זיינען די שונאים פארשטומט געווארען, און ס'איז געווען "לא יחרץ כלב לשונו"...

יא, דער נס איז געשעהן, און אזעלכע נסים געשעהן אימער. וואס מעהר דער איד דערנידערט זיך אליין, אלץ מעהר דערנידערען איהם אנדערע, אזוי גיך אבער ווי ער ערוואכט צו זיין נאציאנאלער באוואוסטזיין, און הויבט זיך אליין אן רעספעקטירען, הייבען איהם שוין אנדערע אויך אן צו אכטען

און רעספעקטירען, ווייל דעמאלט ווען עס איז: "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך", דעמאלט איז אויך — "ויראו ממך"...

און דער דאזיגער כלל האלט אימער אוים. דער לעבען אין אונזערע היינטיגע דורות באשטעטיגט עס אויך.

שבת הגדול, וועלכער איז נאך דער מצרים-שבת, דער שבת פון גלות, דריקט דעריבער אוים, די גדלות צו וועלכע דער איד דארף זיך אויפהויבען אין גלות אלס אן הכנה און הכשרה צו ארץ ישראל. אויב די לעבענס פראגע אין א"י דארף שאפען די לעזונג צו די פראבלעמען וואס זיינען פארבונדען מיט דעם "כניסת הארץ", דארף די לעבענס פראגע אין חוץ לארץ שאפען די לעזונג צו די פראב-לעמען, וואס זיינען פארבונדען מיט דעם "יציאת הגלות". און דא טרעפען מיר זיך אן מיט די זעלבע שוועריגקייטען פון דער ערשטער מצרים תקופה. די סביבה איז א פרעמדע, מען ווערט מיטגעשלעפט מיט דעם אלגעמיינעם לעבענס-שטראם, וועל-כער איז דורכאוים ניט אידיש, ניט טראדיציאנאל, און יעדער שריט אין דעם ריכטונג פון ריינער יהדות איז פארבונדען מיט קרבנות. ס'איז אבער קרבנות פון וועלכע מיר טארען ניט און קענען ניט זיך באפרייען, ס'איז א קרבן פסח, וואס אבוואהל ער הייסט א קרבן צבור, איז ער אבער צו דער זעלבער צייט אויך א קרבן יחיד, וואס יעדער אינדיווידועלער איד איז איהם מחויב צו ברענגען...

און די ערשטע זאך ביי וועלכע מיר טרעפען אן די שוועריגקייטען, ווען מיר געהען זוכען די וועגען ווי צו לעזען די פראבלעמע — איז די ערציהונגס פראגע.

פארנעהמט דאך טאקע די דאזיגע פראגע דעם אויי-בענאן אויך אין אם דעם היסטארישען יום טוב — פסח, ווען גלייך אין די ערשטע יו"ט נאכט פארנעהמען מיר זיך מיט די

ארבעה בנים. און די דאָזיגע בנים זיינען אין אמת'ן ניט בלויז בנים פון דער "הגדה", זאָנדערן אויך "בנים" פון לעבען.

אָט זיינען זיי לויט דעם סדר פון דער הגדה:

חכם — רשע — תם — שאינו יודע לשאול.

און אויב מיט איינעם פון זיי, מיט'ן רשע, האָבען מיר ווייניג וואָס צו טאָהן, ווייל אויך דער בעל ההגדה אַליין פטר'ט זיך שנעל אָפּ מיט איהם, ווען ער איז איהם "מכבד" מיט אַ "הקהה את שניו", איז עס דערפאַר, ווייל קוים איז ער אַ "מוציא את עצמו מן הכלל" האָבען מיר שוין מיט איהם סיי ווי קיין שייכות ניט. די אַנדערע דריי אָבער, וועלכע בלייבען יאָ אין אונזער לאַגער, פאַרדינען דאָך געוויס אויפמערקזאַמ־קייט, זיי זיינען דאָך אונזערע קינדער, און מיר מוזען זאָרגען פאַר זיי.

דריי ענטפערס, אַלזאָ, ווערען געגעבען צו די דריי בנים, אָבער אַלע דריי תשובות זיינען "מעור אחד". אַלע ענט־האַלטען אַ פולשטענדיגען חנוך־פּראָגראַם מיט אַ געזונטען פעדאַגאָגישען חוש.

איינער פון זיי, וועלכער פאַרשאַפט אונז מעהר זאָרג פון אַלע איז — דער "שאינו יודע לשאול". דאָס איז דער הויפּט טראַגישער און אַנגעווייטאָגטער פּונקט אין אונזער לעבען, ווען עס פאַרמירט זיך ביי אונז דער טיפּ קינד, וואָס אין באַ־צוג צו אידישקייט בלייבט ער אַ שאינו יודע לשאול, פּשוט אַ שטומער, וואָס קען קיין צוויי ניט צעהלען. ער רעדט דוכט זיך אַלע שפראַכען, אפילו טאַטעריש אויך, נאָר ווי עס קומט צו אונזער שפּראַך בלייבט ער אָהן אַ צונג, שטום ווי אַ פיש.

און די שולד דאַרף מען ניט וואַרפען אויף איהם, ער איז כלל ניט שולדיג דערין. שולדיג ביסטו, טאַטע... "את פתח לו". דו האָסט איהם געדאַרפט און געקענט עפע־

נען דעם מויל. ווער, אויב ניט דו, האָט איהם געלערנט ענגליש, פראַנצויזיש, שפּאַניש, טאַטעריש, און אויב זיין פון נאַטור אָריענטאַליש-סעמיטישע צונג האָט זיך געקענט צו געוואוינען צו די אַלע אויסגערעכנטע פּרעמדע שפּראַכען, און נאָך מיט׳ן ריכטיגען יענקישען דיאַלעקט, וואָלט ער זיך דאָך צו זיין אייגענע העברעאישע שפּראַך אודאי צו גע־וואוינט...

און וואָלטען מיר טאַטעס כאָטש אָוועקגעגעבען אַ פערטעל-פינפטעל מיהע פאַר די אידישע ערציהונג פון אונזערע קינדער ווי פאַר די ניט-אידישע, וואָלט דאַן די ״גע־רעטעניש״ אויף די שאינו יודע לשאול׳ס ניט געווען אַזאַ ״גוטע״ ווי זי איז איצטער, און די צאָהל פון דעם מין וואָלט היבש היבש פאַרקלענערט געוואָרען. — **את פתח לו ! ...**

דער צווייטער קומט — דער תם.

שווער פון אָרט אַליין, פון דער הגדה הייסט עס, אויסצומאַכען ריכטיג, וואָס פאַר אַ מין טיפּ אָט דער ״בן״ איז. דערפאַר אָבער קענען מיר איהם כאַראַקטעריזירען אַלס אַ בן-זוג צו אַן אַנדער תם, ניט פון דער הגדה נאָר פון דער גמרא. מיר מיינען דערמיט דעם בעקאַנטען ״בבא קמא״ **תם, דער** שותף פונ׳ם ״מועד״. אַ ״תם״, וואָס איז אַ ״מזיק״. און אויב מיר קענען ניט גאַראַנטירען. אַז דער בעל ההגדה האָט אויך געמיינט דעם זעלבען, קענען מיר אָבער גאַראַנטירען, אַז אין לעבען, איבערהויפּט אין אונזער לעבען, געפינען מיר איהם יאָ. ער איז דער טיפּישער גלות-תם, וועלכער פאַרקערפּערט זיך אין אַ גרויסען טהייל פון אונזערע גלות קינדער, הויפּט־זעכליך די פון אמעריקא.

עס איז אַ תם, וואָס איז נאָר אַ האַלבער מזיק, און איז פאַראַנטוואָרטליך בלויז פאַר אַ חצי נזק... אַזעלכע ״תמים״ צעהלען אין די שווערע טויזענטער, און פילען אויס

די "סקול-בענטשעס" פון דער דורכשניטליכער אמעריקאנער "אפטער נון היברו סקול".

די דאזיגע תלמידים זיינען ניט קיין גאנצע מזיקים. זיי שפייזען זיך ניט אויסשליסליך נאר אויף פרעמדע טישען, און זיינען וויים ניט אין דער מדרגה פון די שטומע שאינו יודע לשאול'ס, וועלכע באזוכען געגצליך ניט קיין אידי־שע סקול. זיי, די דאזיגע תמים קריגען דאך ווי עס איז א שטי־קעל אידישע ערציהונג, אבער ניט מעהר ווי א שטיקעל... און וואס פאר א טעם קען האבען א צוואנציג פראצענטיגער חנוך, ווען גאנצע אכציג פראצענט פון די טאג שטונדען זיי־נען אוועקגעגעבען פאר עשו'ן? איז ער טאקע ניט קיין הונ־דערט פראצענטיגער שור המועד, אבער א "פיפטי-פיפטי" איז ער דאך, א תם מיט א חצי נזק בלייבט ער דאך אלץ...

"ואמרת אליו בחוזק יד הוציאנו"... מען דארף באנוצען א שטארקע האנט און א שטארקע אונערמידליכע אנשטרענגונג איהם ארוים צושלעפען פון דער מאדערנער ערות מצרים...

דער אמת'ער "חכם" איז דער וואס פארטיעפט זיך אין דער פראבלעמע און זוכט דעם וועג, די שיטה דורך וועל־כער ער זאל קענען לעזען די פראגע פון א גאנצע אידישקייט, און ניט אזא פון למחצה, לשליש ולרביע.

ואף אתה אמור לו — צו איהם קומט די ריכטיגע אויפקלעהרונג אין א סימבאלישע ליכט פון דעם "אפיקומן".

"אין מפטירין אחר הפסח אפיקומן"!

די מצוה פון אפיקומן איז געווים א גרויסע. קיין "טעם" פיהלט מען אבער דאך ניט אין איהם, ווייל ער ווערט שוין געגעסען אויף א פולען מאגען, מען איז שוין זאט גע־זוארען געגוג פון אלע סדר געריכטען מיט די כוסות און ביים אפיקומן שלעפערט זיך שוין... און אזא טעם האט אויך דער

אידישער חנוך מיט זיינע "אפטער נון היברו'ס", וועלכע זיינען אין דער בחינה פון אפיקומן אין די שפעטע שלעפערי-גע אָווענט שטונדען, ווען דער מאָגען איז שוין אָנגעפילט מיט די פרעמדע גייסטיגע שפייז פון דעם גאנצען טאָג... און די ביסעל "היברו" איז שוין "נאכל על השובע", און אָהן אפעטיט...

אמת, אַז אויך ד ע ר סאָרט חנוך איז אונטער די אומשטענדען אַ קרבן, אָבער אויך אַ קרבן טאָר קיין קריפעל ניט זיין, אַ קרבן בעל מום איז פסול, כאָטש ער טראָגט דעם נאָמען קרבן...

די "פאַראַקיעל סקול", דאָס איז די אַמעריקאַנער אידישע מאָדעל-שולע, וועלכע קען פראָדוצירען דעם אמת'ן טיפ חכם, וואָס זאָל האָבען ברייטע ידיעות און וויסען אַלעס: עדות, חוקים ומשפטים א. א. וו., ווייל דאָרטען קריגט ער די אידישע תורה שפייז ניט אין די אפיקומן-שטונדען נאָר אין די פרישע מאָרגענשטונדען, און אין דעם ריינעם אידישען אויר.

אָט דאָס איז די לעקציע פון דעם מצרים'דיגען שבת-הגדול. ווילען מיר פאַרברייטען אַ געזונטען דור פאַר א"י דאַרפען מיר די הכשרה מאַכען נאָך זייענדיג אין גלות. שבת הגדול האָט זיך נאָך אָנגעפאַנגען אין — מצרים...



# שמיני

## לא בררדקי עצה

**אמר נדב לאביהו מתי ימ:תון שני זקנים חללו ואני ואתה ננהיג את הדור (סנהדרין)**

אין היינטיגע סדרה לערנען מיר די געשיכטע פון אהרן׳ס קינדער נדב ואביהוא, וועלכע זיינען געשטארבען און וועמעס טויט ווערט דורך אונזערע חכמים באצייכענט אלס ״שריפת נשמה וגוף קים״. אט די באצייכענונג פון א גייסטי-גען טויט און פיזישען לעבען איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר אלע צייטען. די העלדען פון דער געשיכטע געהרען ניט צו דער פארגאנגענהייט אליין נאר אויך צו דער געגענווארט. יענער טויט האט נאר אנגעריהרט די באטרעפענדע פערזאנען אבער ניט זייער טיפ. דער טיפ פון די העלדען איז ניט טויט. ער לעבט אין אלע דורות און אין אלע תקופות, און דערפאר האט די געשיכטע פאר אונז אזא וויכטיגע באדייטונג. מיר האבען פיעל דערפון צו לערנען.

פיעל סבות ווערען אנגעגעבען אין פארבינדונג מיט דעם טויט פון נדב ואביהוא. איינע פון זיי איז די וואס מיר האבען אנגעצייכענט אלס טעקסט פאר אונזער באהאנדלונג.

חז״ל מאהלען א בילד, ווי משה מיט אהרנ׳ען געהען אין דער שפיצע. נדב ואביהוא, רעפרעזענטירענדיג די יוגענט, געהען אונטער זיי. און אין זייער געשפרעך דריקען זיי אויס זייער וואונש צו קענען באפרייט ווערען פון דער פיהרער-

שאפט פון די זקנים, און די הנהגה זאל שוין איבערגעהן צו זיי אליין.

איז עס, ווי געזאגט, א פרעטענזיע פון דער יוגענט אין אלע דורות צו וועלען איבערנעהמען די פיהרערשאפט, און פטור ווערען פון די זקנים. עס איז דער אייביגער קאמפף פון דעם נער און זקן, וועלכע קענען זיך שווער צופאסען אין כא-ראקטער און אין פיהרערשאפט. צוויי באזונדערע טענדענצען, באזונדערע אנשויאונגען און באזונדערע שטרעבונגען.

דער זקן איז בטבע מעהר פראקטיש פאר דעם יונגען, און דאס איז אויך נאטירליכערוויזע, ווייל דער זקן האט דאך שוין די פעריאדע פון יוגענט דורכגעלעבט, און האט שוין א לאנג יאהריגע ערפארונג אין לעבען, און אויב אפילו ניט קלי-גער פאר דעם יונגערמאן איז ער דאך אבער פיעל עלטער און מעהר ערפארענער. ער האט אן "עבר", וועלכער דינט פאר איהם אלס יסוד אויף וואס צו בויען זיין "עתיד". ער איז ניט אזוי היציג, ניט אזוי סענטימענטאל, אבער באזיצט מעהר פראקטישקייט, און דער "בסבי עצה" האט אונטער זיך א פראקטישען באדען.

דער יונגער ווידער מעג זיך זיין ווי קלוג, און זיין "בדרדקי טעמא", מעג זיך זיין ווי לאגיש, קען ער אבער אונ-טער קיינע אומשטענדען ניט ערזעצען דעם פלאץ פון דעם זקן, ווייל עס פעהלט איהם די פראקטישקייט, און האט ניט אונ-טער זיך דעם באדען פון ערפאהרונג.

אט דערפאר די מצוה פון "והדרת פני זקן"... און דוד האט עס אין צוויי ווערטער אויסגעדריקט: "מזקנים אתבונן"!

ליגט עס דעריבער אין דער נאטור, אז דער זקן, וועלכער האט מעהר "עבר" ווי "עתיד" זאל אין זיינע אידעען זיין מעהר קאנסערוואטיוו, וועלכעס דריקט אויס אן "השיבנו"

גייסט, זיך צוהאלטען מעהר ביים אלטען איידער צושאפען נייעס, וועהרענד דער יונגער ביי וועמען עס איז פארקעהרט, א גרעסערער עתיד און א קלענערער עבר, רעספעקטירט ער דעריבער מעהר דעם עתיד, און איז מעהר גענייגט צו פראג-רעסיווע אידעען, וואס ברענגען נייעסען. זיי, די יונגע, קוקען מיט בטול אויף די אלטע, באטראכטען זיי פאר אבגעלעבט, און אין זייערע אידעען און השקפות זעהען זיי א גייסט פון רעאקציע, וועלכער איז זיי דערווידער, און זוכען זיך דערפאר פון איהם צו באפרייען.

"וכבר היו משה ואהרן הולכים, ונדב ואביהוא מהלכין אחריהם". אויב משה און אהרן געהען אין דער שפיצע, און די יונגע נדב ואביהוא דארפען נאכגעהן אונ-טער זיי, דארפען געפיהרט און קאנטערלירט ווערען ביי די זקנים, שמעקט עס זיי ניט, ווייל דער זקנים-גייסט הארמאנירט ניט מיט זייערען. די אנשויאונגען זיינען פארשידען, און זייער גרעסטער וואונש איז דעריבער אז: "מתי ימותו שני זקנים הללו ואני ואתה ננהיג את הדור", אז די אלטע זאלען שוין אב-שטארבען און מאכען פלאץ פאר זיי, די יונגע, איבערצונעה-מען די פיהרערשאפט.

נאטירליך דארף פארשטאנען ווערען, אז נדב ואביהוא אליין, די הייליגע קינדער פון דעם כהן גדול, ערשיי-נען דא בלויז אין דער ראלע פון סימבאלישע העלדען, אזוי אז זיי דיענען פאר אונז בלויז אלס א פסעוודאנישער "עקס" (×) וואו דער אמת'ער נאמען פון העלד איז כלל ניט וויכטיג, אזוי לאנג ווי ער באצייכענט נאר א געוויסען כאראק-טער-טיפ.

צו וואס פיהרט די דאזיגע באציהונג? דאס קען מען זעהן פונ'ם אויסגאנג פון פראצעס, וועלכער איז אין אונ-זער אידעען גאנג אויך מעהר סימבאליש ווי ווערטערליך.

שריפת נשמה וגוף קים !...

עס איז קיין ספק ניט, אז דער יוגענט האט אויך אין זיך גוטע ליכטיגע זייטען. ער איז פול מיט לעבען, באזיצט יוגענטליכען קאמפפסלוסטיגקייט, איז אידעאליסטיש גע-שטימט, און האט דעם נויטיגען פייערליכען ברען פון אמביציע און ווילענסקראפט. אט די אלע מעלות קענען געווים מאכען די יוגענט פאר זעהר א נוצליכען עלעמענט אין דער געזעל-שאפט, ווען זיי זאלען נאר אויסגענוצט ווערען ריכטיג, און זאלען ניט איבערכאפען די מאס...

דער מעכאנישער לאקאמאטיוו איז א דאנק זיין פייער און ברען, די טרייב קראפט פון דער גאנצער באהן, זאל ער אבער ניט קאנטרעלירט און געצאמט ווערען דורך די אייזענ-באהן רעלסען, וואלט ער אראפ פון וועג, און געבראכט א קא-טאסטראפע...

דער פייער האט צוויי אייגענשאפטען, ער לייכט און ער ברענט. אין ערשטען פאל מהוט ער גוטעס, אין צווייטען פאל ברענגט ער צושטערונג און פארניכטונג.

אפפערוויליגקייט, קרבנות, באצייכענען דעם העכס-טען עקסטאזנעם אויסדרוק פון אן אידעאליסט. זיי זיינען אבער נאר דעמאלט חשוב, ווען זיי ווערען געבראכט אויף אן אייגענעם מזבח, און ניט אויף קיין פרעמדען...

פראגרעסיווע אידעען זיינען אן און פאר זיך גאנץ גוט, אבער נאר דאן ווען זיי ווערען אויסגענוצט און אנגע-ווענדעט אויף דער וואכעדיגער זייט פון לעבען, זאל עס זיין אויף די געביטען פון עקאנאמיע, טעכניק, קונסט, פאליטיק א. ד. ג., אבער ניט אויף דעם געביט פון רעליגיאן און טרא-דיציע. טראדיציאן און פראגרעס זיינען א תרתי דסתרי, צוויי עקסטרעמען, וואס קענען זיך ניט פאארען צוזאמען.

און ווייל מען זיך מיט פראגרעסיווע השקפות באַ־נוצען אויך אין נשמה אנגעלעגענהייטען אזוי גוט ווי אין אַנ־געלעגענהייטען פון גוף, איז דער קאנסעקווענץ אזא, אז וואס אנבעלאנגט דעם גוף באלעבט מען איהם טאקע. אבער וואס אנבעלאנגט די נשמה פארברענט מען איהר, און עס קומט דערפון ארויס אט די טראגישע בילד פון: "שריפת נשמה וגוף קים"... און בלויז דערפאר, וואס דער פייער איז ניט קיין געטליכער נאר אן "אש זרה", דער "מזבח" ניט קיין אייגענער נאר א פרעמדער. די טרייב קראפט איז אראפ פון די טראדיציאנעלע רעלסען, און ארויס פון דעם קאנטראל פון די קאנסערוואטיווע זקנים.

איך האב ערגעץ וואו געזעהן א שעהנע מליצה, וואס פאסט זיך זעהר צו צו דעם שמועס, און איז אגב אויך אנגע־קניפט געווארען אין א ביבלישען זאץ פון היינטיגער פרשה.

ווען די תורה רעכענט אויס די סימנים, לויט וועלכע מען קען אונטערשידען צווישען כשר'ע בהמות און טמא'דיגע, ווערען אנגעגעבען די צוויי סימנים "מפרסת פרסה" און "מעלה גרה" אלס צייכענס פון כשרות, און לויט דעם פסוק פון "אדם ובהמה תושיע ה'", קען מען מיט רעכט אויך טראנספערירען די דאזיגע סימנים פון די בהמה צום אדם, און אזוי ארום מעס־טען די כשרות פון מענש אויך לויט די זעלבע סימנים.

"מפרסת פרסה", באצייכענט דעם מענשליכען פוס טריט אלס אן אפענער, ברייטער און פראגרעסיווער, און רעפ־רעזענטירט דעם מענשליכען פראגרעס, וועהרענד "מעלה גרה" באצייכענט דעם איבערקייען פון דאס לאנג אויפגעגעסענע און רעפרעזענטירט דאס אלטע, דאס קאנסערוואטיווע. נון, זיינען אט די ביידע סימנים דער סימבאל פון א כשר'ן אידען. פון איין זייט זאל ער זיך טאקע זיין פראגרעסיוו, געהן פארווערטס, און ריכטען זיין בליק צו דער צוקונפט; פונ'ם אנדערען זייט אבער זאל ער אויך זיין א "מעלה גרה", אויפלעבען צוריק דאס אל־

מע, זיך האלטען פעסט ביי די קייטען פון דער טראדיציע, און ריכטען זיין בליק צו דער פארגאנגענהייט, און איינגעטהיילט זאל עס ווערען לויט דעם גוף און נשמה, פאר'ן גוף — דער עתיד, און פאר דער נשמה — דער עבר...

איך האב אמאהל געהערט פון דעם באוואוסטען "מזרחי" פיהרער, הרב י. ל. הכהן פישמאן, אין א רעדע, וואס ער האט געהאלטען פאר דער יוגענט, ווי ער האט כאראקטערי-זירט יעקב אבינו'ס ברכה צו מנשה ואפרים. ווען ער, יעקב, האט מנשה'ן, דעם עלטערען, געבענטשט דוקא מיט דער לינק-ער האנט און אפרים'ן, דעם אינגערען, מיט דער רעכטער האנט. דער חשוב'ער פיהרער האט געזאגט, אז יעקב'ס האנד-לונג איז געווען זעהר סימבאליש פאר אונזער לעבען. דער אלטער איז שטענדיג געניגט צו רעכטס, ווערהענד דער יונג-ער איז געניגט צו לינקס. ביידע זיינען אבער ניט פאלקאם, ווייל זיי זיינען עקסטרעמע ריכטונגען. יעקב האט געוואלט שאפען דעם מיטעל וועג, דעם שביל הזהב, אבצונייגען פון ביידע עקסטרעמען, האט ער דערפאר מיט זיין ברכה געוואלט שאפען דעם שווי-המשקל, די גלייכע געוויכט, און אויף יעדען איינעם משפיע זיין דעם חלק, וואס איהם פעלט. האט ער מנשה'ן, דעם עלטערען, וועלכער איז נוטה מעהר צו רעכטס, געבענטשט מיט דער לינקער האנט, ווי צו זאגען: דו נויטיגסט זיך אין אביסעל "לינקס", ווערהענד דעם יונגען אפרים, וועלכער אלס יונגער איז ער שוין צופיעל "לינקס", נויטיגט ער זיך אין אביסעל "רעכטס", האט ער איהם דערפאר געבענטשט מיט דער רעכטער האנט... און די קאמ-בינאציע פון וועלכע עס פארמירט זיך דער מיטעל וועג, איז דער בריק אויף וועלכען ביידע עקסטרעמע עלעמענטען קענען זיך באגעגענען, און זיך הארמאניש פאראייניגען.

**דער זעלבער געדאנקען-גאנג, וואס ברייננגט ארויס די מאראלישע לעהרע, אז ווען עס האנדעלט זיך אין טראדי-**

ציע, אין געטליכע תורה, דא דארף פארבויגען ווערען מאדער-נע אידעען מיט מענשליך-פראגרעסיווע "אימפראוומענטס" — טראגט זיך אויך איבער אין דער הפטרה פון דער היינטי-גער סדרה וואו עס ווערט דערצעהלט די געשיכטע ווי דוד האט איבערגעפיהרט דעם ארון ה׳ פון גבעה, און עוזה דער זוהן פון אבינדב, דערזעהענדיג ווי דער ארון האט זיך גענומען ארונטערגליטשען פון וואגען, האט אונטערגעהאלטען דעם ארון. האט עס דערוועקט דעם צארן פון גאט, און עוזה איז אויף׳ן ארט געטויטעט געווארען.

די מעשה ענטהאלט אין זיך דעם זעלבען ארויסגע-בראכטען געדאנק, אז ווען עס קומט צום ארון ה׳, דארט טאר זיך די מענשליכע האנט ניט אריינמישען, ווען מאכען "אויס-בעסערונגען"· די תורה מוז בלייבען אונבאריהרט, און אהן "תקונים"...

אביסעל ווייטער אין דער זעלבער הפטרה ווערט דער-צעהלט דוד׳ס "התבטלות" פאר דעם ארון, אז ניט קוקענדיג אויף זיין מאיעסטעטיש-קעניגליכען פרעסטידזש, איז ער ארוים פון די גרענעצען פון דער קעניגליכער עטיקעטע, און האט קונציג געטאנצט מיט ליעבע און עקסטאז אין דער צייט פון דער ארון-פראצעסיע. און ווען מיכל בת-שאול האט דאס דערזעהן, און געמאכט דוד׳ן פארווירפע פאר מאכען זיך, פון איהר שטאנדפונקט, "ביליג" אלס קעניג, האט עס דוד׳ן וועניג וואס געקימערט, און ער האט איהר ערקלעהרט, אז ווען עס האנדעלט זיך אין דעם כבוד פון ארון, הייסט דאס ניט זיך ביליג געמאכט נאר פארקעהרט עס הייסט זיך באעהרט...

און אלץ דער זעלבער געדאנק: זאגאר קעניגליכער שטאט פאלט אין גאנצען אוועק, ווען עס קומט אין באריהרונג מיט גאט׳ס תורה...

דער רעספעקט צו דער תורה, מוז פון אַלעמען גלייך אָבגעהיט ווערען, קעניגען און פרינצען אַזוי גוט ווי געוועהנ־ליכע פאָלקס מענשען, יונגע אַזוי גוט ווי אַלטע, פּראָגרעסיווע אַזוי גוט ווי קאָנסערוואַטיווע, אַלע, אַלע דאַרפען זיך פאַר־נייגען מיט דעם גרעסטען יראת־הכבוד, און ניט וואַגען צו ריהרען קיין מענשליכע האַנט צו דער געטליכער תורה.

פּראָגרעס — מהיכי תיתי, אָבער נאָר פאַר'ן גוף, ניט פאַר דער נשמה. די נשמה נויטיגט זיך אין דעם קאָנטראָל פון די זקנים פיהרערשאַפט, וואָס איז באַזירט אויף קאָנסערוואַ־טיווע אידעען, און דאַן פאַרהיט מען פון אַ שריפת נשמה נאָר עס בלייבט:

גוף קים ונשמה קימת...



# תזריע-מצורע

## נגעי גוף ונגעי נפש

**כי תבאו אל ארץ כנען — — —**
**ונתתי נגע צרעת בבית ארץ**
**אחזתכם (י"ד — ל"ד)**

פאראנען אזעלכע פרשיות אין אונזער תורה, וואס ביים ערשטען בליק שיינט עס, אז זיי האבען מיט אונזער היינטיגען לעבען גאר ניט צו טהאן, און זיינען ניט מעהר ווי א ירושה פון דער אוראלטער פארגאנגענהייט. קוים אבער פארטיפען מיר זיך מעהר אין זיי, און ווילען אויך אין די פרשיות געפינען די רעפלעקטירונג פון דער נ צ ח י ו ת התורה, געדויערט ניט לאנג ביז מיר ווערען איבערצייגט אין דעם, און געפינען אין זיי די שייכות צום היינטיגען לעבען.

צו די פרשיות פון דעם סארט געהער אויך די היינטיגע פרשה פון נגעים, וואס אויבערפלעכליך קוקט עס אויס אז היינט ווען קיין בית המקדש און קיין כהן איז ניטא קענען מיר פון די פרשיות תזריע ומצורע ווייניג וואס לערנען פאר'ן פראקטישען לעבען, איז עס אבער נאר אויבערפלעכליך. אין אמת האבען מיר אבער זעהר פיעל צו לערנען פון זיי.

ניט אומזיסט איז די תורה באשאפען געווארען היבש פאר דעם בריאת העולם כדי צו לערנען דערפון, אז די תורה איז ניט קיין פראדוקט פון דער צ י י ט. די צייט-רעכענונג פון "ימים, מועדים ושנים" האט זיך ערשט אנגעפאנגען מיט דער וועלט באשאפונג, און די תורה איז נאך פריהער: און ניט אומזיסט איז די תורה געגעבען געווארען אין דער "מדבר", כדי צו ווייזען, אז די תורה איז ניט באגרעניצט אין קיין א ר ט.

דער מדבר איז אזא אָרט, וואָס הייסט כלל קיין אָרט ניט, ווייל ער געהער צו קיינעם ניט.

און אויב די תורה איז ניט פארבונדען ניט מיט אָרט און ניט מיט צייט, איז זי דאָך במילא צוגעפּאַסט פאַר יעדען אָרט און יעדער צייט, און דאָס האָט איהר געסטעמפּעלט מיט'ן טערמין פון "נצחיות".

און אַזוי איז אויך די תורה אַ לעבענס בוך פאַר אַלע-מען, פאַר דעם יחיד און פאַר דעם צבור, פאַר'ן פּרט און פאַר'ן כלל.

און קוים איז זי אַ תורת-חיים, ענטהאַלט זי שוין אויך ביידע עלעמענטען פון לעבען, דעם גוף און די נשמה. ווערט זי דערפאַר געלערנט בדרך פרד"ס (פשט, רמז, דרוש, סוד), און וועהרענד דער פּשט רעפּרעזענטירט דעם גוף פון דער תורה, רעפּרעזענטירען דער דרוש און די אַנדערע חלקים, די נשמה פון דער תורה.

פון אַט דעם שטאַנדפּונקט, האָט שוין, ווי געזאָגט, די היינטיגע פּרשה פון "נגעים" אויך אַ שייכות צום לעבען, און טאַקע צו אַלע חלקים פון לעבען, פון פּרט און פון כלל, פון גוף און נשמה.

די ביידע סדרות, תזריע און מצורע געהען על פי רוב צוזאַמען. איז עס ניט בלויז דערפאַר וואָס די צייט רעכע-נונג פון קאַלענדער דיקטירט עס אַזוי, נאָר אויך דערפאַר וואָס אין גייסט און כאַראַקטער שליסען זיי זיך צוזאַמען. ביידע בע-האַנדלען איינעם און דעם זעלבען געגענשטאַנד, און לויט'ן סדר פון די פּרשיות זעהט עס אויס, אַז זיי זיינען איינגעאָר-דענט געוואָרען לויט דעם דורכשניטליכען פּראָצעס פון לעבען.

מיר וועלען פּרובירען צום ערשטען די פערוואַנד-שאַפט פון די פּרשיות צום לעבען פון דעם יחיד, און אין דעם פונקט אינטערעסירט אונז איבערהויפּט דער נשמה לעבען,

די "נגעי הנפש". צו די "נגעי הגוף" בענען די ביב־לישע היילונגס מיטלען היינט ניט אנגעווענדעט ווערען, ווייל דאס נעהר זיך, ווי געזאגט, אן צום כהן, און בלויז ווען דער בית המקדש איז געשטאנען. די נגעי הנפש אבער, וועלכע זיי־נען, לויט אונזערע חכמים, די אורזאכען צו די נגעי הגוף (און דערביי רעכענען חז"ל אוים א גאנצע רייהע פון דעם מין ווי: לשון הרע, צרת עין, ג"ע, שפ"ד א. ד. ג.), זיי, איז נאר גענוג אז מען באטראכט דעם פראצעס פון זייער ענטוויקלונג, און דערפון אליין קען מען שוין לערנען די וועג פון פראטעקציאן. די ריכטיגע געשטעלטע דיאגנאזע איז אין דעם פאל די בעסטע קוראציע.

דריי סארטען נגעים זיינען זיי, ווי זיי זיינען אנגע־געבען אין די צוויי סדרות, און אין פאלגענדער ארדנונג: פרי־הער "נגעי אדם", דאן "נגעי בגדים" און דערנאך "נגעי בתים". איז עס א פראצעס, וועלכער רעפלעקטירט אויף די נשמה־נגעים פון דעם דורכשניטליכען מענשען, און וועלכע שניידען אויך זייער וועג אין דער זעלבער ארדנונג.

עס איז א פעסטגעשטעלטער כלל, אז מענשליכע זינד פאנגען ניט אן זייער פראצעס אין אן עפענטליכען פארם. קיין דורכשניטליכער מענש וויל ניט און וועט ניט טהאן קיין פארברעכען באוואוסטזיניגג. די התחלה פון זינד קומט אין א פארשטעלטען פארם. דער מענש וויים ניט, אז ער טהוט א זינד. עס איז ווי דער ביטערער פיל, וואס איז פון דרויסען פאר־צוקערט . .

איך וויל דערביי איבערגעבען א "גוט ווארט", וואס מיין פאטער שליט"א האט מיר נאכדערצעהלט פון דעם אל־טען צדיק רבי אהרן קארלינער זצ"ל. ארומרעדענדיג דעם גע־דאנק, וואס חז"ל זאגען, אז לעתיד לבא וועט גאט באשטרא־פען דעם יצר הרע פאר זיין העסליך פארפיהרערשער ארבייט, האט דער גרויסער רבי ערקלערט, אז די שטראף וועט ניט זיין

פאר דעם, וואס ער, דער יצר הרע, האט דעם מענשען אנגע-
רעדט צו עבירות. פאר דעם קומט איהם דאך קיין
שטראף ניט, דאס איז דאך אייגענטליך זיין מיסיאן געווען. די
שטראף וועט אבער זיין פאר אנריידען דעם מענשען צו טהאן
״מצות״... אויף יעדער עבירה האט ער איהם איינגע-
רעדט, אז ס׳איז גאר א מצוה...

אין ליכט פון דעם געדאנק האט דער קארלינער אויף
א פארטרעפליכען אופן ״איינגעטייטשט״ עטליכע פסוקים
אין תהלים ווי פאלגט:

״ולרשע אמר אלקים מה לך לספר חקי ותשא בריתי
עלי פיך״, (צום ״רשע״ ד. ה. צום יצר הרע וועט דער ״מדת
הדין״ טענה׳ן: וואס האסטו געהאט דערצעהלען דעם מענ-
שען מיינע ״געזעצען״, און טראגען דעם ״ברית-התורה״ אויף
דיין מויל, האסט גערעדט אין נאמען פון תורה און געזעץ ! ?)
״ואתה שנאת מוסר ותשלך דברי אחריך״, (דו האסט
דאך אין אמת׳ן גאר פיינט מאראל, און מיינע תורה געזעצען
גאר געשליידערט אין הינטערגרונט...)

״אם ראית גנב ותרץ עמו, ועם מנאפים — חלקך״,
(אט ווען דו וואלסט לכתחילה מיטלויפען מיט א גנב אדער
מיט א הולטאיי, און זיי עפענטליך רייצען צו גנבה און צו זנות
— אט דאס איז ״חלקך״, דיין חלק, דיין מיסיע).

״פיך שלחת ברעה ולשונך תצמיד מרמה — — — ״
(ווען דו וואלסט דיין מויל געשיקט אין שלעכטס, און מיט דיין
צונג געשמידט פאלשקייט), ״אלה עשית — והחרשתי״, (ווען
דו וואלסט דאס געטהאן, וואלט איך געשוויגען), ״דמית
היות אהיה כמוך — אוכיחך ואערכה לעיניך״, (ווען דו האסט
אבער מיר, כביכול, דיר פאר א חבר גענומען, און אין נא-
מען פון גאט האסטו דעם מענשען געטריבען צו זינד,
אט דערפאר וועסטו באשטראפט ווערען...)

ווי געזאָגט, אַלזאָ, איז דער ערשטער פּראָצעס פון זינד בלויז אין אַ בעהאַלטענעם פאָרם, אינערליך איז עס טאַקע אַ זינד, אַ נגע, אויסערליך אַבער זעהט זיך נאָך די נגע ניט אָן. אָט דער כאַראַקטער נגע ווערט רעפּרעזענ־טירט דורך די ערשטע פּרשה פון נגעים, נעמליך, "נגעי אדם", די נגע איז אויף'ן גוף פון מענשען, אינערליך, אַבער ניט אויף די "בגדים", די קליידער, וועלכע רעפּרעזענטירען די אויסער־ליכקייט. אין דרויסען, עפענטליך, קוקט עס גאָר קיין נגע ניט אויס. עס איז פון דרויסען פאַרקליידעט, פאַרצוקערט...

דאָס איז אָבער בלויז דער ערשטער פּראָצעס. אַזוי גיך אָבער ווי עס האָט זיך איינגעגעבען דעם ערשטען שריט צו מאַכען, "געהט עס שוין דאָן ווי געשמירט". נאָך "נגעי אדם" קומט שוין "נגעי בגדים", פון שוגג קומט מען צו מזיד, פון "בסתר" קומט מען צום "בגלוי", און די נגע ווייזט שוין איהר "פנים" אין דער עפענטליכקייט, זי זעהט זיך שוין אויסער־ליך — אויף די בגדים...

און האַלט עס שוין אַזוי ווייט, ווערט מען שוין אַ שקלאַף ביי דער זינד, און דער זינד ווערט שוין דער בעל "הבית" (נגעי "בתים" — אַ נגע, וואָס בעל הבית'עוועט שוין...).

און אַזוי שפּיגעלט זיך אָפּ די נשמה זייט פון דער פּרשה פון בוך אויף די נשמה זייט פון די פּרשה פון לעבען...

די זעלבע פּרשה פון נגעים רעפלעקטירט אָבער אויך אויף דעם קאָלעקטיווען לעבען פון'ם צבור. אין דעם פאַל איז עס איןביידע פאַזען, אין נגעי גוף אַזוי גוט ווי אין נגעי־נפש, אויב אפילו ניט ביידע אין איין אָרט, אויף איין שטח. און די נגעי גוף פון צבור האָבען שוין יאָ אַ פּראַקטישע וויכטיגקייט אפילו אין דער היינטיגער צייט, ווייל צו זיי קען מען יאָ אָנווענדען די ביבלישע קוראַציע, זאָגאָר אָהן די פּאַר־מאַליטעט פון דעם כהן, אָבגערעדט שוין פון די נגעי־נפש,

וועלכע האָבען אפילו אין לעבען פון יחיד, ווי געזאָגט, אויך אַ פּראַקטישע באַדייטונג.

אירופּא און אַמעריקאַ רעפּרעזענטירען ביידע פאָר־מען פון נגעים אין דעם צבור׳שען לעבען. די ערשטע — נגעי גוף, און די צווייטע — נגעי־נפש, און צוביידע איז פאַראַן איין אויסוועג פאַר קוראַציע, און דאָס איז — ארץ ישראל, אַ קאַ־פּיטעל, וועלכער בילדעט אויך אַ טהייל פון דער היינטיגער וועכענטליכער פּרשה: ״כי תבאו אל ארץ כנען אשר אני נותן לכם לאחוזה״...

אין אירופּא האָבען די פאָלקס נגעים געקראָגען דעם אויסדרוק אין די פאַרשידענע רדיפות און פאַרפאָלגונגען מצד די אידישע אַנטיסעמיטישע שונאים. ווער פון זיי עס האָט אַנגעווענדעט אַלע דריי סאָרטען מיט אַמאָהל, נגעי גוף, אין געשטאַלט פון פּאָגראָמען, נגעי בגדים און נגעי בתים אין גע־שטאַלט פון רויבען, פּלינדערען און צערשטערען אידישע האָב און גוטס; און ווער עס האָט נאָר אַנגענומען דעם מילדערען פאָרם פון עקאָנאָמישע פאַרפאָלגונגען. די ווי יענע האָבען אָבער געשטעלט די אידישע לאַגע אין אַ מצב פון סכנה אין דעם קערפּערליכען, מאַטעריעלען און עקאָנאָמישען זין.

אין אַמעריקע און די אַנדערע ציוויליזירטע און לי־בעראַלע לענדער וואו אידען האָבען שוין ווי עס איז בירגער־ליכע רעכט, און ווערען ניט פאַרפאָלגט אַלס פאָלק אין קיינע פון די אויסגערעכענטע פאָרמען, האָט אָבער אויך דאָרט די פּרשה פון נגעים געפונען אַן אָבקלאַנג אין לעבען, און אויב ניט אין געשטאַלט פון נגעי גוף איז עס אין געשטאַלט פון נגעי נפש, אויב ניט קיין ״מיתת נשיכה״ איז עס ״מיתת נשיקה״, און עשו׳ס קוש איז נאָך אין אַ געוויסען זין פיעל שעדליכער פאַר זיין ביס... ווייל וועהרענד דער ביס שעדיגט בלויז דעם גוף, שעדיגט דער קוש, די נשמה.

און קוקען מיר זיך צו צו דער סיטואַציאָן פון דעם אידישען לעבען און גייסטיגען זין אין אַט די ליבעראַלע לענד-ער, זעהען מיר ווי וויט דער "וישקהו" מיט די פינטאַלאַך האָט אָנגעגריפען דאָס פּינטאַלע איד...

דער איינציגער וועג פון קוראַציע אויף צו באַזיי-טיגען ביידע איבלען, די נגעי גוף מיט די נגעי נפש, איז — צו בייטען דעם וועטער... פאַרלאָזען די שטיקענדע לופט פון גלות, און זיך באַזעצען אונטער די ריינע הימלען פון דעם אוירא דארץ ישראל.

ווייל קומענדיג אין א"י ווערען ביידע סאָרטען נגעים פאַרשוואונדען, ניט נאָר די נגעי הנפש צו וועלכע דער א"י אויר איז באַזונדער מסוגל, ווי רבי יהודה הלוי כאַראַקטערי-זירט איהם אַלס אויר "נשמות אויר ארצך", נאָר אויך צו די נגעי הגוף, וועלכע דאַרפען אין א"י קיין פּלאַץ ניט האָבען.

אינטערעסאַנט איז, אַז אויב מען רעדט יאָ אַמאָהל וועגען נגעים אין א"י, ווערט עס גראַדע גערעדט אין אַ טאָן פון צופרידענהייט...

מיר האָבען אויבען ציטירט דעם פסוק פון דער היינ-טיגער סדרה, וועלכע רעדט פון נגעים דוקא אין פאַרבינדונג מיט א"י: "כי תבאו אל ארץ כנען — — — ונתתי נגע צרעת בבית ארץ אחוזתכם". קומען אָבער אונזערע חכמים און קאָ-מענטירען וועגען דעם ווי פאָלגט: "בשורה טובה היא להם שהנגעים באים עליהם"... עס איז גאָר אַ בשורה די "נגעי בתים" אין א"י. די בשורה ווערט ערקלעהרט דערמיט, וואָס "ווען די איינוואוינער פון לאַנד האָבען דערהערט, אַז די אידען פון דער מדבר דערנענטערען זיך, און וועלען שוין באַלד אַריינ-קומען אין לאַנד, האָבען זיי פאַרשטעקט אין די ווענט פון זייערע הייזער אוצרות פון גאָלד און זילבער, כדי די אידען

זאָלען עס ניט געפינען. וואָס זשע האָט אָבער גאָט געטאָהן? האָט ער אַנגעשיקט אויף די הייזער אונהיילבאַרע נגעים אַזוי אַז מען זאָל, לויט דעם דין פון דער תורה, דאַרפען די הייזער צו וואַרפען, און אַזוי אַרום זיינען די אוצרות ענטדעקט געוואָרען"...

און אויב דעמאָלט ביים ערשטען שיבת-ציון האָבען די נגעים אין אידישע הייזער ענטדעקט די גאָלד אוצרות ביי די גוים, איז היינט אין דער תקופה פון דער לעצטער שיבת-ציון אומגעקעהרט די זאַך: די נגעים אין די איצטיגע גוי'אישע הייזער האָבען ענטדעקט די אוצרות גאָלד ביי די אידען....

הונדערטער יאָהרען איז די אַראַבישע ארץ ישראל געוועזן וויסט און פאַרלאָזען, איז געווען אַ נעסט פאַר מאַלאַריע און אַנדערע פעסטס, נגעים פון אַלע סאָרטען. קוים האָט זיך נאָר אָנגעפאַנגען די אידישע מאָדערנע עליה, נאָך דער בריטישער אָקופּאַציע. די פּיאָנערישע עליה פון אונזערע אידעאַליסטישע חלוצים, איז אַוואו נאָר דער אידישער פוס האָט אַ טראָט געטאָן, און די אידישע האַנט האָט זיך צוגעריהרט איז יענער פלאַץ גלייך פערוואַנדעלט געוואָרען פון אַ וויסטען מדבר אין אַ גאָט'ס געבענטשטען גן עדן. אַזוי איז עס געווען מיט דעם "עמק יזרעאל", וועלכער איז פאַר הונדערטער יאָהרען געווען אַן "עמק הבכא", אַ יאָמער-טאָהל מיט אַ טויטליך פאַרפעסטעטען קלימאַט, און איצט, אונטער אידישע הענט איז עס אַן אמת'ער עמק יזרעאל מיט צעהנדליגע בליהענדע אידישע קאָלאָניעס, פּראַכטפאָלע פרדסים, וועמעס דופטיגע ריחות טראָגען זיך שטרעקעס ווייט. און אַזוי איז עס אויך מיט אַנדערע שטחים לאַנד.

און ווען מען פאַרגלייכט די אַראַבישע טהיילען, וועלכע וויסטען נאָך אויך היינט צו די אידישע טעריטאָריעס, וואו אוצרות גאָלד דורך דעם "קרן היסוד", קרן קימת", און

פריוואטע קאפיטאלען זיינען אינוועסטירט געוואָרען צו דער אויפלעבונג פון לאנד, דאן איז, ווי ביי די ערשטע שיבת-ציון, אויך היינט די אראבישע "נגעים" פאר אונז א בשורה טובה. די וועלט זעהט וואס א"י מיינט פאר אידען, און וואס מען קען פון אידען ערווארטען אין א"י, און דאס אלעס מוז אויסאי־בען אן איינפלוס אויך אויף דער פאליטישער לאגע...

די פרשת נגעים איז, אלזא, א לעבענס פרשה סיי פאר'ן יחיד און סיי פאר'ן צבור, סיי פאר נגעי גוף, און סיי פאר נגעי נפש, און דער קלימאקס פון דער דאזיגער פרשה, דער קאנסעקווענץ פון די לעקציע איז —

ארץ ישראל!!...

---

באמערקונג פון פארפאסער: —

דער לעצטער געדאנק אין דיזער פרשה איז טייל־ווייז גענומען פון ר"י ניסענבוים, אבער בעארבייט אין אן איי־גענארטיגען וועג.

# אחרי־קדושים

## בין אדם למקום ובין אדם לחבירו

**דבר אל כל עדת בני ישראל ואמרת אליהם קדושים תהיו**

**(יט — ב)**

דער מדרש תנחומא שטעלט זיך אפ אויף דעם פסוק, און פרעגט פאר וואס ביי אלע מצות שטעהט "דבר אל בני ישראל", און דא שטעהט "אל כל עדת בני ישראל"? און ערקלעהרט עס דאמיט, וואס די סדרה פון קדושים האט א באזונדער חשיבות, ווייל זי נעהמט אריין אין זיך די גאנצע תורה אין מיניאטור פארם.

אין פארלויף פון דער סדרה זיינען אויסגערעכענט אלע "עשרת הדברות", און אזוי ווי די עשרת הדברות זיינען געזאגט געווארען "בכנוס כל ישראל", ווען אלע אידען זיינען געווען פארזאמעלט ביים בארג סיני, אזוי איז די סדרה קדושים אויך פארזאגט געווארען, אז משה זאל איהר איבערגעבען "בכנוס כל עדת בני ישראל". (רש"י ברייגנט דעם זעלבען געדאנק בקצור).

מעהר אנאליזירענדיג דעם געדאנק קומט עס אויס, אז דארט וואו מען גיט איבער א גאנצע תורה דארף מען דערצו האבען דעם גאנצען פאלק, ווייל די דורכפיהר־בארקייט פון דער גאנצער תורה אין דער פראקטיק קען אנ־דערש ניט זיין, סיידען אז זי האט די קאאפעראציאן פון גאנצען פאלק. עס זיינען פאראן זעהר א סך מצות, וואס ניט

יעדער איינצעלנער פערזאָן קען זיי מקיים זיין. לאָמיר זאָגען צום ביישפיעל די מצוה פון מילה, אָדער פדיון הבן, איז דער וואָס ער האָט ניט קיין זוהן אָדער בכור, קען דאָך עס ניט מקיים זיין, און אזוי, למשל, די מצוה פון "ועשית מעקה לגגך", ווען ער האָט ניט קיין הויז, אָדער "ערלה", "בכורים", "תרומה" און "מעשר", ווען ער האָט ניט קיין פעלדער און גערטנער, און אזוי נאָך היבשע צענדליגער מצות פון דיזען סאָרט. דורך אלע אידען צוזאַמען אָבער, קען די גאַנצע תורה מקוים ווערען, דער די מצוה, און יענער די אַנדערע, און דער געדאַנק, אז "ישראל ערבים זה לזה" מאַכט עס, אז דאָס וואָס איינער טהוט איז עס פונקט גלייך ווי דער צווייטער וואָלט עס געטאָהן. אלע אידען ווערען פאַררעכענט ווי איין אָרגאַנישער קערפּער פון וועלכען יעדער אינדיווידיאום איז אַ טהייל, אַ גליעד.

דער באַוואוסטער צדיק רבי מאָטעלע טשאַרנאָבאָ-לער האָט געזאָגט: "אז איך זעה אַ איד דאַוועט אָדער לערנט, ווער איך מלא שמחה, ווייל מסתם טהוט ער עס דאָך בשם כל ישראל, האָב איך דאָך אויך אַ חלק אין דעם, אלא ניט, בין איך איהם מוחל זיין דאַווענען און לערנען"...

איז עס ניט בלויז אַ שעהנע "גוט אידישע" מליצה, נאָר טאַקע אַ יסוד און עיקר צום גאַנצען קיום התורה והמצות, ווייל אויב אַ איד טהוט ניט זיינע מצות בשם כל ישראל, נאָר מאַכט זיך שבת פאַר זיך, האָט ער דאָך במילא קיין רעכט ניט צו קליימען אויף דעם וואָס אַנדערע טוהען, און אַליין די גאַנ-צע תורה קען ער דאָך ניט מקיים זיין, בלייבט ער במילא הינטערשטעליגג.

פאַרשטעהט זיך ווידער, אז כדי צו וועלען האָבען אַ חלק אין דאָס וואָס יענער טהוט, דאַרפען די באַציהונגען מיט דעם דאַזיגען "יענעם" זיין פריידליכע, ווייל נאָר דעמאָלט ווען ס'איז דאָ שלום איז דאָ אחדות, און נאָר דעמאָלט ווען ס'איז דאָ אחדות קענען צוויי מיינען איינס...

אַט דערפאַר איז ביי מתן תורה די צייט ניט געווען רייף גענוג ביז די אידישע אחדות האָט געגרייכט די העכסטע שטופע. כל זמן עס איז געווען "ויחנו" מיט אַ לשון רבים האָט קיין מתן תורה ניט געקענט זיין, און נאָר דאַן ווען ס'איז שוין געווען "ויחן" ישראל נגד ההר" (לשון יחיד) האָט שוין גאָט געקענט געבען אַ תורה...

איז כאָטש דער "ואהבת לרעך כמוך", איז דאָך סיי ווי, אַן און פאַר זיך, איינע פון די מצות התורה, איז עס אָבער פון דיעזען שטאַנדפונקט מעהר ווי אַן איינצעלנע מצוה. עס איז דער יסוד פון אַלע מצות, דער פונדאַמענט אויף וועלכען דער גאַנצער ק י ו ם התורה איז געבויט.

און דערפאַר ווען יענער גוי איז געקומען צו הלל הזקן און געזאָגט: "גיירני על מנת שתלמדני כל התורה כולה על רגל אחת", (איך וועל ווערען אַ איד מיט דעם באַדינג, אַז דו זאָלסט מיר אויסלערנען כל התורה כולה אויף איין פוס), האָט הלל פאַרשטאַנען פון זיין אויסדרוק "על רגל אחת", אַז ער מיינט צו וויסען דעם י ס ו ד פון דער תורה פונקט ווי די פ ו ס איז דער יסוד פונ'ם גוף, האָט איהם הלל זעהר ריכטיג געענטפערט: "מאי דסני לך, לחבריך לא תעביד", (וואָס דיר איז ניט ליעב זאָלסטו דיין חבר אויך ניט טהאָן), ווייל דאָס איז ווירקליך דער "רגל אחת", דער יסוד, פון "כל התורה כולה", און "ואידך פרושא זיל גמור", דאָס איבעריגע, עס הייסט, דער גאַנצער בנין התורה, וואָס שטעהט אויף דעם רגל אחת, דאַרפסטו לערנען, ווייל די תורה איז זעהר גרויס, אָבער דוקא צוליעב איהר גרויסקייט, וועלכעס מאַכט שווערליך פאַר יעדען יחיד אַזאַ גרויסע תורה אַליין צו קענען איין גאַנצען מקיים זיין, דוקא צוליעב דעם איז נויטיג דער "רגל אחת" פונ'ם "ואהבת לרעך כמוך" צו געפינען דורכדעם דעם אויס־וועג, אַז אויך דער יחיד זאָל ניט באַרויבט ווערען פון דעם גענוס פון קיום כל התורה, ווייל דורך די אהבה און אחדות

ווערט דערפון דער "בשם כל ישראל", און יעדער איינער האט א חלק אין דעם וואס דער צווייטער טוהט.

עס הייסט אלזא, אז הלל האט ניט געמיינט צו זאגען, אז מיט'ן "ואהבת לרעך כמוך" קען מען שוין יוצא זיין די גאנצע תורה, ווייל ווי גרויס די מצוה זאל ניט זיין איז עס דאך פארט ניט מעהר ווי איינע פון די תרי"ג, און אויב אפילו זי קען דיענען אלס שליסעל צו אלע מצות פון "בין אדם להבירו", איז דאך אבער נאך פאראן דער חלק פון "בין אדם למקום" אויך, און ווי קען אלזא דער ואהבת לרעך כמוך ארייננעהמען אין זיך דעם טהייל אויך? הלל האט אבער נאר געמיינט דערמיט צו ענטפערען די פראגע פון "על רגל אחת", אלס יסוד צום קיום התורה, און אלס אזעלכעס איז דער "ואהבת לרעך כמוך" ווירקליך דער איינציגער יסוד, וואס שאפט די מעגליכקייט צו בויען דערויף דעם קיום כל התורה אפילו אויך דעם טהייל פון אדם למקום, ווייל אויב איך האב יענעם ליעב ווער איך מיט יענעם איינס, און וואס יענער טהוט הייסט עס, אז איך אליין טהו...

אין ליכט פון דעם געדאנק איז דא אויך, גלויב איך, דער פאסענדער פלאץ צו דערמאנען דאס וואס איך האב געזעהן ערגעץ אין אן אלטען ספר ("יפה עינים", געדרוקט אין לעמבערג, אין יאהר תקנ"ט), וואו ער טייטשט אויס דעם דערמאהנטען מאמר אויף אן עהנליכען אופן, נאר מעהר אויף א קבלה'יסטישען שטייגער. ער זאגט, אז לויט די מקובלים קומט אויס, אז אויב דער מענש האט אין זיין לעבענסלענגליכען עקזיסטענץ ניט באוויזען מקיים צו זיין אלע מצות, דאן ווערט זיין נשמה נאכאמאהל מגולגל, און ווערט נאכאמאהל געבוירען, און אזוי קען עס טרעפען מעהרערע מאהל ביז וואנען ער פילט אויס זיין "דיוטי", און איז מקיים אלע מצות. דער גר האט דעריבער פערלאנגט פון הלל'ן, ער זאל איהם ווייזען

א וועג ווי עס איז מעגליך, על רגל אחת, (דאָס הייסט, איינ־מאָהל שטעהן מיט די פיס אויף דעם ערדישען באָדען) מקיים צו זיין אַלע מצות, און ניט דאַרפען מגולגל ווערען אַ צווייטען מאָהל. דאַרויף האָט איהם הלל אָנגעגעבען דעם ואהבת לרעך כמוך דורך וועלכעס יענעמס מצות קענען אויך פאַררעכענט ווערען ווי אייגענע, און כל ישראל צוזאַמען זיינען דאָך געווים מקיים אַלע מצות, און אויף אַזאַ אופן וועט ער שוין ניט דאַר־פען מגולגל ווערען...

עס איז דאָך אָבער פאַראַן אַזעלכע מצות, וואָס אפילו כל ישראל קענען אויך ניט מקיים זיין, ווי צום ביישפּיעל, די מצוה פון קרבנות, אָדער יובל און נאָך, וואָס היינט, אַז עס איז קיין בית המקדש ניטאָ, קען מען זיי דאָך ניט מקיים זיין, דערויף האָט איהם הלל געזאָגט: "ואידך פרושא", עס הייסט אַט די אַנדערע, וואָס היינט געהען זיי ניט אָן, איז אויך דאָ אַן עצה, נעמליך: "זיל גמור" געה און לערנען די דינים פון יענע מצות וועט זיין פאַררעכענט ווי דו וואָלסט זיי מקיים געווען, ווייל די גמרא זאָגט טאַקע, אַז איינער לערנט די פרשה פון "עולה" אָדער "חטאת" "אשם" א. ד. ג. איז גלייך ווי ער וואָלט מקריב געווען די דאָזיגע קרבנות.

יעדענפאַלס איז דער "ואהבת לרעך כמוך", ווי גע־זאָגט, דער יסוד צו דער גאַנצער תורה, און טאַקע דערפאַר פּאַסט ער זיך אַזוי גוט אַריין אין דער היינטיגער סדרה פון קדושים, וואָס, ווי אויבענדערמאָהנט, איז פרשת קדושים אַליין די גאַנצע תורה אין מיניאַטור פאָרם.

איז אָבער די עצם מצוה אַליין פון "ואהבת לרעך כמוך", אַזאַ וואָס מאָהנט אַ געוויסע באַהאַנדלונג. ווי עס זעהט אויס, מיינט די תורה, אַז די מצוה זאָל אָנגעווענדעט ווערען אפילו אין באַצוג צו אַזעלכע מענשען, וואָס דער באַטרעפענ־דער האָט בעגען זיי געוויסע אויסזעצונגען, קריוודעס און פאַר־

דרוסען, וואס רופען ביי איהם ארויס א געוויסע אנטיפאטיע צו זיי. דאס איז קענטיג דערפון, וואס דער ואהבת לרעך כמוך שטעהט אין איין פסוק מיט דעם "לא תקום ולא תטר", וואס מיינט, אז אפילו דו האסט געגען יענעם א געפיהל פון נקמה, זאלסטו דעם געפיהל דערשטיקען אין זיך, און זאלסט איהם דאך ליעבען. איז עס דאך אבער א זאך געגען די נאטור. ווי קען איך שפילען די ראלע פון ליעבען, ווען באמת האב איך יענעם פיינט ? און די תורה מיינט דאך געוויס ניט מ'זאל שפילען א פאלשע ראלע, צו זיין א היפאקריט ?

אין אמת אבער, קען דער "ואהבת" אנגעווענדעט ווערען אפילו אין אזא פאל אויך, און אויב ניט די אהבה, וואס דריקט זיך אויס פ א ז א ט י ו ו, איז עס די וואס דריקט זיך אויס נ ע ג א ט י ו ו. אויב ניט אין דער בחינה פון "עשה טוב", איז עס אין דער בחינה פון "סור מרע". דער "ואהבת לרעך כמוך" אין דעם פאל איז טאקע א פירוש אויף דעם "לא תקום ולא תטור", וואס באדייטעד ליעבען אויף נ י ט צו טהאן קיין שלעכטס.

און סיי ווי, איז שווער אויס צוטייטשען אהבה אין א פאזאטיווען פארם, ווייל אהבה אזוי גוט ווי אלע מצות, אויב אין א פאזאטיווען געשטאלט וואלט דאך עס מיינען צו לייסטען עטוואס, און ניט כתם ליעבען אין אן אבסטראקטיווען באגריף, וואס "ליעב האבען און צו זאגען קאסט קיין געלט ניט"... און ווי קען אזא סארט ליעבע אנגעווענדעט ווערען צו א ל ע- מ ע ן, מען קען דאך ניט "טהאן גוטעס" צום גאנצען כלל ישראל ? ניט צו טהאן קיין שלעכטס, קען אבער יא אנגע- ווענדעט ווערען פאר דעם גאנצען כלל. ט ה א ן אלעמען — קען מען ניט, אבער נ י ט טהאן אלעמען — קען מען יא.

אט דערפאר טאקע די ענדערונג אין פארם צווישען "לא תקום" און "ואהבת לרעך". ביים לא תקום שטעהט "את בני עמך", דעם ג א נ צ ע ן פאלק זאלסטו קיין שלעכטס ניט

טהאָן. ביים "ואהבת" שטעהט אָבער "לרעך", וואָס מיינט דיין געזעלען, דער וואָס געפינט זיך אין דעם אייגענעם קרייז פון דיין געזעלשאַפט, ווייל ליעבען פּאָזאַטיוו, צו טהאָן גוטעס, קען מען ניט פאָדערען, אַז דו זאָלסט עס טהאָן דעם גאַנצען פאָלק. דאָס איז אַ זאַך דער אונמעגליכקייט, מען קען עס אָבער יאָ פאָדערען אין אַ קלענערען פאָרמאַט, אין דעם באַשרענקטען פאָרם פון דיין באַגרענעצטען געזעלשאַפטליכען קרייז.

אין ליכט דערפון, האָט הלל הזקן זעהר קלאָהר און דייטליך געענטפערט דעם גר, וועלכער האָט געוואָלט, אַז הלל זאָל איהם "אויף איין פוס" אויסלערנען די גאַנצע תורה, האָט איהם הלל דערויף געענטפערט, אַז די תורה, וואָס מען קען אויף איין פוס אויסלערנען איז בלויז די נעגאַטיווע זייט, דער "סור מרע". — "מה דסני לך לחברך לא תעביד". ניט צו טהאָן קיין בייז יענעם קענסטו אויף "איין פוס" אויסלערנען, ווייל די פּראָבע איז אַ לייכטע אפילו ווען דו לערנסט ניט קיין פּרטים, און דו ווייסט ניט, אַז "לא תרצח" אָדער "לא תגנב" איז אַ טהייל פון דער תורה, דו ווייסט אָבער יאָ, אַז אויב מען זאָל עס וועלען דיר טהאָן וועסטו דאָס ניט וועלען דולדען. נו, דאַרפסטו דאָס יענעם אויך ניט וועלען טהאָן. דאָס איז אָבער בלויז איין חלק תורה, ס'איז אָבער דאָ נאָך אַ חלק, אַ פּאָזאַטיווער, און דאָס קען מען שוין אויף איין פוס ניט לערנען, ווייל דער טהייל ענטהאַלט שוין אַ סך פּרטים, און מען דאַרף זיי לערנען אויספיהרליך. "ואידך פרושא — דער אַנדער טהייל, דער פּאָזאַטיווער — "זיל גמור" מוזטו געהן לערנען כדי זיך צו באַקאַנען מיט אַלע איינצולהייטען.

דערביי איז אגב די מליצה אויך אַ שעהנע. די נעגאַטיווע זייט קען מען לערנען "על רגל אחת", וואָס דאָס איז דער סימבאָל פון ניט טהאָן, אַקוראַד ווי אַז דער מענש שטהעט אויף איין פוס מוז ער בלייבען שטעהן, ער קען זיך

ניט באוועגען. אויף דעם "ואידך פרושא", דאס הייסט אויף דער פאזאטיווער זייט זאגט ער איהם "זיל" גמה. דא קאנסטו ניט בלייבען נעגאטיוו, דארפסט גע הן, דארפסט זיך באַוועגען...

די זעלבע מליצה ענטהאלט אויך נאך א געדאנק, נעמליך, אז דער "ואהבת לרעך כמוך" איז בלויז "רגל אחת" איין פוס, איין יסוד פון דער תורה, דער יסוד פון "בין אדם לחבירו". ס'איז אבער דא א צווייטער יסוד, א צווייטע פוס, און דאס איז דער "בין אדם למקום", און מען מוז האבען ביידע פיס אויף צו קענען געהן. מיט איין פוס איז מען א בעל מום. און מיט בלויז איין חלק תורה איז מען אויך א בעל מום... און ניט ווי מאנכע מיינען, אז מיט א גוטע הארץ אליין קען מען שוין יוצא זיין אידישקייט. א מענש מיט א הארץ אליין אהן א קאפ און אהן די אנדערע אברים, קען אויך ניט לעבען.

די תורה איז א "תורה תמימה", א גאנצע, און נאר דעמאלט איז זי — משיבת נפש...



# אמור

## אמור -- ואמרת

**אמור ואמרת — להזהיר גדולים על הקטנים (רש"י)**

די היינטיגע פרשה, ווי עס שיינט, האט א היבשען שייכות מיט די ערציהונגס פראבלעמע. רש"י האט גלייך ביים ערשטען פסוק אנגעשלאגען דעם דאזיגען טאן, ווען ער האט ציטירט די חז"ל אויף דעם כפל הלשון פון "אמור — ואמרת", אז דאס באדייט: "זאגען צו די גדולים, אז זיי זאלען זאגען צו די קטנים". דער פסוק גופא אונטערשטרייכט דא דעם "בני אהרן". אהרן'ס "קינדער" שפילען דא די הויפט ראלע.

און עס מאכט ניט אויס, וואס די פרשה באציהט זיך איבערהויפט אויף א ספעציפישען טהייל פון די אידישע קינדער, נעמליך, די כהנים, ווייל סימבאליש ווערען אלע אידישע קינדער איינגעשלאסען אין דער משפחה פון כהונה. אלע אידען ווערען אין דער תורה שפראך אנגערופען "כהנים" — "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים"...:

עס מאכט זאגאר אויך ניט אויס, וואס דער אינהאלט פון אונזער פרשה, וועלכער בעהאנדעלט דעם געגענשטאנד פון טומאה, קוקט אויך אויס אן ענין, וואס האט בלויז צו טהאן מיט כהנים, ווערהענד דאס גאנצע פאלק איז דאך ניט פארזאגט, אז ער מוז זיך היטען פון טומאה. סימבאליש אבער

איז די טומאה פראגע א זאך, וואס פאסט זיך אויך אריין אין דעם לעבען פון גאנצען פאלק.

עס איז כדאי זיך אבצושטעלען אויף דעם מדרש אין דער היינטיגער סדרה, אין פארבינדונג מיט די פרשת טומאה, וועלכעס ווארפט א העלערע ליכט אויף דער גאנצער אנגע־לעגענהייט. דער מדרש זאגט, אז "דערפאר וואס אהרן איז געווען זעהר גאט־פארכטיג האט ער זוכה געווען צו די פרשת טומאה, וועלכעס געהט איבער פון איהם בירושה צו זיינע קינדער און קינד'ס קינדער עד סוף כל הדורות".

און ווארום דוקא די פרשת טומאה מעהר פאר אלע אנדערע פרשיות און מצות? פאר וואס גראדע גראמט זיך פרשת טומאה מיט אהרן'ס גאט פארכטיגקייט, אזוי אז זי איז דירעקט א קאנסעקווענץ פון אהרן'ס יראת שמים?

די מפרשים ערקלעהרען די זאך אונגעפעהר אזוי: עס איז פאראנען — זאגען זיי — צוויי סארטען "יראת השם". איינע וועלכע רופט זיך "יראת העונש", די מורא פאר דער געטליכער שטראף, און די צווייטע, וועלכע הייסט "יראת הרוממות", וואס מיינט עהרן־פורכט, און פאסט זיך גיכער אריין אין "אהבה" ווי אין "יראה".

עס פארשטעהט זיך זעלבסט, אז דער צווייטער סארט איז פיעל חשוב'ער פאר דעם ערשטען. ראשית איז "יראת הרוממות מעהר דויערהאפטיג ווי "יראת־העונש", ווייל עהרן־פורכט איז דאך ניט פארבונדען מיט קיין געוויסע סבות ווי ס'איז דער פאל מיט "יראת העונש", וואס די "שטראף" איז די סבה פון דער יראה, און דארט וואו ס'איז ניט קיין "יראה התלויה בדבר", האט דאך עס ממילא מעהר דויער־האפטיגקייט, ווייל ס'איז דאך ניטא דער "בטל דבר, בטלה יראה"... ליעבען גאט מיינט דאך די דערגרייכונג פון א געוויסע מדרגה אין דעם "ד ע את אלקי אביך", עס מיינט

דאָך באַוואוסטזיניגקייט און פרייוויליגע ליעבע, און אַ זאַך וואָס עס קומט פרייוויליג און באַוואוסטזיניג, איז דאָך דער קיום געזיכערט, ווערהענד יראת העונש האָט דאָך אַ סבה, און איז אַ יראה וואָס קומט געצוואונגענערהייד, און קוים איז עס נאָר פאַרבונדען מיט צופעליגע סבות, איז עס שוין אַ יראה התלויה בדבר, און דער קיום קען שוין ניט זיין געזיכערט.

פון דער צווייטער זייט ווידער, איז די "יראת הרוממות" מעהר אָרגינעל פאַר די "יראת העונש". זי פאַר־דינט מעהר דעם נאָמען "יראת השם", ווייל די מורא אָדער די עהרן־פורכט איז דאָך טאַקע די מורא פאַר ג א ט, ווערהענד יראת העונש איז דאָך די מורא פאַר גאָט'ס ע ו נ ש...

מיר האָבען שוין אויף אַנאַנדער פּלאַץ אין דיעזען ספר (פ' ויחי) דערמאָהנט וואָס מען דערצעהלט פון דעם בעל שם הקדוש, אַז ער האָט אַמאָהל געהערט ווי מ'האָט אין הימעל אויסגערופען, אַז ער, דער בעל שם, האָט אנגעוואָרען זיין חלק עולם הבא (איבער אַ געוויסער סבה), האָט זיין פנים אויפ־געשטראַלט פון פרייד, און אויפהויבענדיג די הענט צום הימעל האָט ער געזאָגט: "רבונו של עולם", אָך, ווי גליקליך איך פיהל זיך, איצט וועל איך דאָך דיר קענען דיענען אָהן אַ שום פניה"...

און דאָס אייגענטליך איז די אמת'ע מדרגה פון מסירות נפש. דאָס וואָס מיר זיינען איינגעוואוינט צו רופען מסירות־נפש, ווען איינער לאָזט זיך הרג'נען, למשל, אויף קדוש־השם, איז עס דאָך אייגענטליך ניט קיין מסירות נ פ ש, נאָר מסירות ה ג ו ף. ווען אָבער מען איז גרייט און צופריי־דען אויך דעם נ פ ש, די נשמה אַוועקגעבען פאַר גאָט'ס וועגען, דאָס איז די העכסטע מדרגה פון מסירות־נפש, און פאַרדינט בוכשטעבליך דעם דאָזיגען אויסדרוק.

קומענדיג צוריק צו אונזער אנגעלעגענהייט פון די ביידע סאָרטען יראות, געפינען מיר אין "יראת־הרוממות"

אַט די בחינה פון דעם בעסערען סאָרט "מסירות-נפש" ווייל, ווי געזאָגט, איז דאָך די דאָזיגע "יראה" אַ ריין אידעאַלע און אָהן פּניות.

אין ליכט פון דעם געדאַנק לאָזט זיך שוין לייכט פאַר-שטעהן די שייכות פון אהרן'ס יראה מיט די מצוה פון טומאת-כהנים.

ווען אונזערע חכמים האָבען געזוכט מיטלען דורך וועלכע דעם מענשען אָבגעוואוינען פון זינד, האָבען זיי צוויי-שען אַנדערעס אָנגעגעבען אַלס מיטעל דעם "יזכור לו יום המיתה", ווייל די מורא פאַר'ן טויט וועט געווים אָבהאַלטען דעם מענשען פון עבירות. דאָס איז אָבער, ווי געזאָגט, אַ קליי-נע מדרגה אין יראת שמים, און בלויז דער קלענערער מענש, וועלכער האָט זיך נאָך ניט דערהויבען צו דער העכערער מדרגה פון עהרן-פורכט, דער נויטיגט זיך אין דעם טויט-מיטעל אַלס פּראָטעקציאָן פון זינד. פאַר אַזאַ מענשען איז נאַ-טירליך אָנגעמאָסטען שלמה המלך'ס עצה פון "טוב ללכת אל בית האבל", ער זאָל זיך אָפטער געפינען אין אַ סביבה פון מתים, דאָרט וואו טרויער הערשט, וועט ער דערפון לערנען יראת שמים. אהרן הכהן אָבער, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ העכערער מדרגה אין יראת השם, די מדרגה פון יראת-הרוממות, ער האָט זיך ניט גענויטיגט אין דער טויטער-אַטמאָספערע כדי צו לערנען דערפון יראת שמים.

אַט דערפאַר איז דער פאַרזאָג פון טומאת-מתים גע-געבען געוואָרען צו אהרן מיט זיינע קינדער, אום צו דעמאָנס-טרירען דערמיט די גרויסקייט פון די כהנים, אַז פאַר זיי איז כלל ניט נויטיג דער "טוב לכת אל בית האבל", ווייל זייער יראה שטאַמט פון אַן אַנדער קוועלע, אַ העכערע, אַ ריינערע, און דאַרף ניט דורכגעהן דורך די צנורות פון טומאה...

און די תורה רופט דעמאָנסטראַטיוו אויס:

״לנפש לא יטמא בעמיו״ ! ...

און נעהמען מיר צוזאמען אט די אלע אויסגערע־בענטע נקודות, פון איין זייט דעם ״אמור־ואמרת להזהיר גדולים על הקטנים״, פון דער צווייטער זייט, די טראנסאק־ציע פון אהרן׳ם כהונה אויף די סימבאלישע כהונה פון גאנצען פאלק, דער ״ממלכת כהנים״, און צו די ביידע דעם רוף פון ״לנפש לא יטמא בעמיו״, דאן רעפלעקטירט עס זעהר ריכטיג אויף אונזער חנוך פראגע, און מיר האבען פון דער פרשה זעהר פיעל צו לערנען.

אן ארגינעלער חנוך, וואס איז באזירט אויף געזונטע יסודות, איז בלויז דער וואס ער איז אבגערוקט פון ט ו מ א ה, וואס זיינע יסודות זיינען ניט ארייינגעשלאגען אין דעם אהל־המת, און אום די זאך צו מאכען מעהר קלאהר און דייטליך, איז געענוג צו ווארפען א בליק אויף דעם טרויעריגען צושטאנד פון דעם אידישען חנוך אין אמעריקא, און זעהן דערפון ווי ווייט דער ״להזהיר גדולים על הקטנים״, וואס רעפרעזענטירט דעם חנוך איז דא כלל ניט אין אנקלאנג מיט דעם נאכגע־פאלגטען ״לנפש לא יטמא״...

פון איין זייט ווערט דאס אידישע קינד דעם גרעס־טען טהייל פון טאג ערצויגען אין א גוי׳אישע טמא׳דיגע סביבה. ער געפינט זיך אין ״פאבליק סקוהל״, וועלכע איז פון א אידיש טראדיציאנעלען שטאנדפונקט לכל הדעות אן אומרייינע אום־געבונג, און אט די טמא׳דיגע אטמאספערע פון די ״טומאת העמים״ דארף דער קינד אין זיך איינאטעמען כמעט דעם גאנצען טאג.

קומט ער נאכהער ווידער אין די אבענד־שטונדען אויף א שטונדע אדער העכסטענס צוויי אין די ״היברו סקול״, איז עס ווייטער א ״טויטער״ חנוך. דער קינד אליין איז א האלב טויטער, אויסגעמאטערט און אבגעשוואכט פון דעם

שוועֶרען טאָג אַרבייט, די לַמודים אַן און פאַר זיך זיינען אויך בלאַס-טויט. עס פעלט אין זיי די נשמה, דער ברען פון תורה-באַגייסטערונג, ניטאָ דער „משא ומתן של הלכה", דער לומדי׳שער „קניטש" פון הווית דאביי ורבא. עס איז עפּעס אַ מין טרוקענער צערמאַניאַלער טעקסט פון אַ האַלב בלעטעל סדור, אַ פּאָר פּעראַגראַפען פון אַ העבראישען ביכעל און באַפּעפערט מיט אַ העבראישען לידעל — וחסל...

דער אידישער „חדר" איז פאַר איהם, אַלזאָ אויך ניט מעהר ווי אַ מין האַלבער „אהל המת"... און האַלב געשטאָרבען מיינט גאַנץ קראַנק... זעהר ריכטיג האָט זיך איינער אויסגעדריקט וועגען אָט די נאָכמיטאָגדיגע שטונ-דען-חדרים, ווען ער האָט געזאָגט, אַז עס איז אַ כלל, אַז דאָס וואָס מען נעהמט שטונדענווייז און דערצו נאָך מיט אַ קליינע לעפעלע, איז עס מסתם אַ מעדעצין, און אַז מען נעהמט מע-דעצין, איז דאָס אַליין שוין אַ באַווייז, אַז מען איז קראַנק...

און עס שליסען זיך צוזאַמעןביידע פּסוקים:

„אמור ואמרת — להזהיר גדולים על הקטנים" — און: „לנפש לא יטמא בעמיו"! און מיר הערען פון זיי די עכא פון דעם פּראָטעסט: „איהר גדולים זיינט געוואָרענט אין באַצוג צו אייערע קטנים ניט זיי איינצופלאַנצען יראת שמים דורך די צנורות פון טומאה! שאַפט פאַר זיי אייגענע טאָג-סקולס כדי זיי זאָלען ניט דאַרפען דעם גאַנצען טאָג איינ-אָטעמען די ניט-אידישע טמא לופט; און זאָל די אידישע סקול זיין אַ לעבעדיגע, ניט קיין האַלב-טויטע, זאָל זי ניט אויסקוקען, לויט איהר כאַראַקטער, ווי אַ טרוקענער סקאַלעט אָהן אַ נשמה זאַפטיגקייט" — לנפש לא יטמא בעמיו...

„לא יקרחו קרחה בראשם"!

ווען א קינד דארף אין זיין לערנען פיהרען א דא־
פעלע בוכהאלטעריע, האבען צוויי רשויות, א גוי'אישע סקול
און א אידישע סקול, איז זיך איהם שווער פארנאנדערקלייבען
איןביידע ערטער און ער בלייבט "קרח מכאן וקרח מכאן",
און קוים דארף איין "מכאן" זיך אונטערגעבען, פארשטעהט
זיך, אז דער גורל פאלט אויף דעם אידישען... און דער־
פאר, אויב ס'וועט זיין "לנפש לא יטמא" און די צוויי רשויות
וועלען בטל ווערען, ס'וועט נאר בלייבען איין רשות, וועט שוין
ממילא אויך מקוים ווערען דער צווייטער פסוק פון: "לא
יקרחו קרחה בראשם". ער וועט שוין מעהר ניט זיין קיין קרח
מכאן ומכאן...

און עס פאלגט הארמאניש א דריטער פסוק:

"קדושים יהיו לאלקיהם"!

דער באגריף פון קדושה אין ליכט פון אונזערע
חז"ל איז "קדש עצמך במותר לך" (הייליג זיך אפילו אין דאס
וואס דו מעגסט יא). דער אויסדרוק "מותר" צייגט, אז גאר
גלאט איז דאס עפעס ניט, נאר מען איז "מתיר"... ווייסען
מיר דאך טאקע, אז ביי אונזערע עלטערען אין די פריהעריגע
דורות, איז אלגעמיינע פרעמדע בילדונג (חרמת יון) געווען
פארבאטען צו לערנען די קינדער, און נאר א דאנק די אומ־
שטענדען און לעבענס באדינגונגען פון אונזערע דורות, האט
מען דאס "מתיר" געווען, אבער פון דעסטוועגען דארף מען
געדענקען דעם "קדש עצמך במותר לך", אפילו דאס וואס
איז שוין ווי עס איז מותר געווארען, זאל דאס כאטש זיין אין
אן אטמאספערע פון "קדושה" — קדש עצמך... זאל די
"חולין" אויך זיין "חולין שנעשו על טהרת הקדש"... און
קודש טאר זיך ניט געפינען אין קיין אטמאספערע פון טומאה.

"להזהיר גדולים על הקטנים"!

עס איז א ווארנונג צו די גדולים צו לערנען מיט פולער ערנסט און אויפריכטיגקייט די פרשה פון טומאה, כדי צו וויסען ווי אבצוהיטען די קטנים פון א טויטען-טמא׳דיגען חנוך, ווייל אלע אידישע קינדער זיינען אין דעם הינזיכט פאר־רעכענט אלס ״בני אהרן״, זיי זיינען די ״פרחי כהונה״ פון דעם — ״ממלכת כהנים וגוי קדוש״ !

# בהר-בחקותי

## שמטה והר סיני

א באקאנטער שפריכווארט: "אז דער בארג געהט ניט צו מחמד'ן, געהט מחמד צום בארג"...

אין פאל פון אט דעם בארג אבער, "הר סיני", איז די זאך געווען אומגעקעהרט: "אז די אידען זיינען ניט גע־גאנגען צום בארג, איז דער בארג געגאנגען צו זיי"...

ווייל קיין צו שטארקער חשק צו געהן צום בארג איז טאקע ניט געווען. אידען האבען זיך געשראקען פאר דער תורה און האבען איהר ניט זעהר געהרן געוואלט מקבל זיין. דער פאקט איז, אז בשעת קבלת התורה זאגט דער פסוק: "ויוצא משה את העם לקראת האלקים מן המחנה", און דע־רויף זאגען חז"ל, אז די אידען זיינען יענע נאכט בעפאר קבלת התורה שפעט געשלאפען, האבען זיך אונטערגעפוילט אויפ־צושטעהן, און — "ויוצא משה", משה האט זיי געדארפט מיט געוואלד ארויסנעהמען פון דער מחנה און ברייגנען צום בארג סיני.

און קומענדיג שוין צום בארג, איז עס נאך אויך ניט געווען אזא לייכטער פראצעס. אויך דעמאלט האבען נאך די אידען קיין איבעריגען חשק ניט געהאט צום מעמד הר סיני, און עס איז געווען, ווי געזאגט, אז דער בארג האט געמוזט קומען צו זיי:

"כפה עליהם הר כגיגית"...

נאט האט געדארפט דעם בארג ארונטערלאזען און איבערבויגען איבער זייערע קעפ דראהענדיג מיט א געפאהר

פון: "פה תהא קבורתכם", דא אונטער'ן בארג, וועט איהר אייער קבר געפינען, אין פאלס איהר וועט די תורה ניט אנ-נעהמען...

און פאר וואס האבען די אידען ווירקליך זיך אזוי געשראקען פאר דער תורה?

אין דער חבר'שאפט פון דיביידע סדרות בהר-בחקותי, וועלכע געהען כמעט אימער צוזאמען, ליגט א סימ-באלישער ענטפער צו דער פראגע.

אידען זיינען געוועזען אונטער דעם פאלשען איינדרוק, אז אויך אין די פרשה פון לעבען מוז "בחקותי" מיט "בהר" געהן האנט און האנט. דער "בחקותי" לייגט זיך מיט א שווע-רען "בהר", א שווערער "בארג" פאלט אויף'ן אידען, אויב ער וויל איינארדנען זיין לעבען לויט'ן בחקותי, לויט די גע-זעצען פון דער תורה. די תורה וועט איהם שטעהן אין וועג אויף יעדען טריט און שריט פון זיין לעבען. וואס ער זאל ניט וועלען טהאן, וועט ער אנטרעפען די תורה געזעצען אלס מכשול. ער וועט ניט זיין פריי אין זיינע לעבענס איבונגען. דא שטעה ניט, דארט געה ניט, דאס רעד ניט און דאס טהו ניט א. א. וו. מיט איין ווארט: די תורה וועט איהם פרעסען און דריקען ווי א שווערער בארג, און עס לוינט זיך ניט דערי-בער זיך פרייוויליג אונטערוואַרפען אזא שווערען יאך.

ווי ווייט די אלע טענות זיינען אין גרונט פאלש, דארויף איז דער בעסטער באווייז טאקע אט די סדרה גופא, וועלכע טראגט דעם נאמען "בהר", און ווען מען קוקט זיך אבער צו צו איהר איינהאלט דאן זעהט מען ממש דעם הפך, אז ניט בלויז שטערט ניט די תורה דעם לעבען, זאנדערן פארקעהרט, זי בויעט דעם לעבען, און ניט אומ-זיסט האט אונזער תורה זוכה געווען געקרוינט צו ווערען מיט'ן נאמען "תורת-חיים", א תורה פון לעבען.

כמעט די גאַנצע סדרה "בהר" פאַרנעהמט זיך מיט ריין עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, און אויב עס זיינען אין די לעצ־טע דורות אויפגעשטאַנען "לעבען־פאַרזאָרגערס", וועלכע האָבען קריטיקירט די אַלטע פאַרמען פון לעבען, און געשאַפען נייע סאָציאַלע פאַרמען, און האָבען געמיינט, אַז זיי האָבען דאָ מחדש חדושים געווען און אַז זייער סאָציאַלע באַוועגונג איז אין גאַנצען אָרגינאַל, איז עס דערפאַר, ווייל זיי האָבען וועניג אָדער גאָרניט געלערנט אונזער תורה. פאַר די אָבער, וועלכע האָבען די תורה יאָ געלערנט, איז די איינציגע סדרה פון "בהר" גענוג צו לערנען פון איהר דעם בליק פון תורת־משה אויף דעם עקאָנאָמישען לעבען, און דאַרפען קיין בעסערע סאָציאַלע אָרדנונג ווי די פון אונזער תורה ניט זוכען ערגעץ אַנ־דערש, אין פרעמדע תורות. עס קען ניט זיין קיין שעהנערע בעהאַנדלונג צום אַרבייטער, ווי די וועלכע אונזער תורה גיט; עס קענען ניט געבען קיין בעסערע געזעצען אויף דעם ווירט־שאַפטליכען געביט פון אונבאַוועגליכען רכוש ווי די פון שמיטה און יובל, און עס קען ניט זיין קיין אידעאַלערע פּראָקלימאַציע ווי די פון: "כי לי בני ישראל עבדים — עבדי הם ולא עבדים לעבדים"... וועלכעס ווערט צוויי מאָהל באַטאָנט אין דער זעלבער פרשה.

איז אפשר טאַקע דאָס אויך סימבאָליש, וואָס ביי מתן־תורה האָט גאָט שטריינג פאַרזאָגט ניט אַרויפצושטייגען אויף'ן באַרג: "השמרו לכם עלות בהר ונגוע בקצהו" ווי צו זאָגען דערמיט, אַז נעהמען און מקיים זיין די געטליכע תורה, איז כלל ניט נויטיג צו קלעטערען אויף'ן באַרג און זיך איינ־מאַטערען... מ'קען איהר מקיים זיין געהענדיג אויף'ן גלייכען וועג, ווייל די תורה איז באין אופן ניט קיין שווערער באַרג...

און דערמיט אונטערשיידעט זיך טאַקע די אידישע תורה פון די ניט אידישע, וואָס וועהרענד יענע זיינען, ווי

איינער פון אונזערע גדולים האט עס פארטרעפליך באטאנט, "א מענשליכע תורה פאר געטליכע צוועקען", איז אונזער תורה "א געטליכע תורה פאר מענשליכע צוועקען"... אונזער בארג סיני האט ניט בלויז גענומען אן אינטערעס פאר די זאכען, וואס זיינען צווישען מענש און גאט, נאר אויך פאר די צווישען מענש און מענש...

און אומזיסט פרעגען מאנכע רש"י'ס קשיא אויפ'ן ערשטען פסוק פון היינטיגער סדרה: "מה ענין שמיטה אצל הר סיני", נאר מיט אן אנדער כונה. רש"י ציעלט דערמיט, אז ניט בלויז שמיטה האט א שייכות מיט סיני, נאר אויך די גאנצע תורה, ווערהענד די זאגענאנטע "מאדערנע" פרעגערס שטעלען דעם טראפ מאקע נאר אויף שמיטה. זיי פארשטעהן די שייכות פון, למשל, תפילין אדער ציצית מיט סיני, אבער ניט די שייכות פון שמיטה, א ריין עקאנאמישע פראגע, מיט סיני?... א געטליכע תורה, וואס זאל זיך אבגעבען מיט מענשליכע פראבלעמען, דאס איז אביסעל העכער פון זייער באגריף, און באטראכטען עס פאר א שטיקעל "אומגליק", דאס וואס די תורה מישט זיך אריין אין דעם אלטעגליכען לעבען, ווייל זיי טייטשען אוים די דאזיגע אריינמישונג אלס לאסט אויף'ן לעבען, ווערהענד אין אמת'ן איז עס גראדע פארקעהרט, עס ציעלט גרינגער צו מאכען דעם לעבען, איהם פארבעסערען און פארשעהנערען.

יא — "כפה עליהם הר כגיגית"!

בשעת מען דארף קלעטערען צום בארג, איז עס ווירקליך א לאסט, ווען אבער דער בארג קומט צו אונז, איז עס דער בעסטער סימבאלישער באווייז, אז מען וויל אונז פארשפארען מיהע און שוועריגקייטען...

געוויס איז עס אויך אמת, אז פאר די וועלכע פארשטעהן אונטער דעם באגריף פון לעבען ביליגע פרייהייט,

הפקרות און צולאזענקייט, די וועלכע מיינען א וואולגארישען לעבען, וואו דער מענשליכער עגאאיזם זאל ניט געצאמט ווערען, און זיין טיהר'עשער אינסטינקט זאל ניט האבען אי־בער זיך קיין שום קאנטראל — פאר די קען טאקע די תורה זיין אן ענטוישונג. אזעלכע אבער קענען דאך ניט ווערען גע־נומען אין אנבאטראכט, ווייל: "אטו בשופטני עסקינן ?" האנדעלט זיך דען וועגען ניט קיין נארמאלע נפשות ? א נאר־מאלער מענשליכער און ניט טיהרי'שער לעבען מוז זיין גע־צאמט, מוז קאנטראלירט ווערען. אין דעם באשטעהט דאך דער "מותר האדם מן הבהמה"...

און אקוראד ווי די תורה, ווי געזאגט, זוכט די חבר'שאפט פונ'ם לעבען, אזוי דארף דער לעבען אבער אויך זוכען די חבר'שאפט פון דער תורה. אויב דער בארג געהט צו אונז, דארפען מיר אויך געהן צום בארג... און אויך דער פראצס איז פארגעקומען ביי מתן תורה. אז וועהרענד פון איין זייט איז געווען "כפה עליהם הר", איז פון דער צווייטער זייט אויך געווען "ויתיצבו בתחתית ההר", אויב גאט זאגט: "ומי כעמך ישראל", דארף ישראל זאגען: "ומי כה' אלקינו"... הר סיני קומט ארונטער צו שמיטה, שמיטה דארף אבער אויך ארויף צום הר סיני... אין פשוט'ע ווערטער: אויב די תורה פאסט זיך אריין אין לעבען, דארף זיך דער לעבען אויך אריין פאסען אין דער תורה.

און אט אין דעם פונקט, ליידער, גרייזען מאנכע פון אונז, הויפטזעכליך אונזער יוגענט, וועלכע אבוואהל זיי האבען דעם גרעסטען רעספעקט און אכטונג פאר דער סאציאלער און נאציאנאלער זייט פון תורת משה, פעהלט זיי אבער, צים באדויערען, די נויטיגע מאס אכטונג פאר דער ריין טראדיצי־אנאל־רעליגעזער זייט פון דער זעלבער תורה.

דיעזעס איז טיילווייז קענטיג ביי דער ארט און ווייזע פון די נייע לעבענס פארמען, וואס אט דער עלעמענט זוכט אריינצוברענגען אין דער ניי-געבויטער ארץ ישראל.

עס איז שטארק בולט דער טענדענץ צו וועלען שאַפען אין אונזער אידישער היימלאנד אזא לעבענס אָרדנונג, וואָס זאָל זיין געבויט אויף געזונטע נאַציאָנאַל-עקאָנאָמישע יסודות, אָבער צו איינער און זעלבער צייט איבער צו רייסען די טראַדיציאָנאַל-רעליגעזע פעדים פון דעם "בין אדם למקום". מליצה'דיג וואָלט עס הייסען, אז זיי ווילען מאַכען שמיטה צום הר סיני, "משמיט" זיין דעם הר סיני פון דעם לעבען... און דערויף קומט אויך די געטליכע וואָרנונג אין דער דאַזיגער סמיכות פון שמיטה מיט הר סיני, אז תורה מיט עקאָנאָמיע מוזען געהן האַנט און האַנט. עס דאַרף זיין אַ "שלום" פוןביידע צדדים. דאָרט וואו בלויז איין צד וויל דעם שלום און ניט דער צווייטער, דאָרט איז קיין ריכטיגער שלום ניט, ס'איז אַ "שלום קטיעא", אַ האַלבער שלום, און אַ האַלבער שלום מיינט אַ גאַנצע מחלוקת...

אין ליכט פון דאָס אויבענגעשריבענע, איז מיר קלאָהר געוואָרען אַ כמעט אונפאַרשטענדליכע "משנה" אין מסכת אבות, דאָרט וואו דער תנא זאָגט:

"ההולך בדרך ומפסיק ממשנתו ואומר: מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה, הרי זה מתחיב בנפשו". דאָס הייסט: ווען איינער געהט אין וועג און טרעפט אָן אַ שעהנעם בוים, אָדער אַ שעהן אויסגעאַקערטע שטיקעל באָדען, און פאַרבייגט אַ ווײַלע זיין לערנען און באַוואונדערט די שעהנקייט פון די דאָזיגע געגענשטענדע, איז ער מתחיב בנפשו, וואָס מיינט, אז ער פאַרדינט מיט זיין לעבען צו באַצאָהלען פאַר אָט דער עבירה...

איז עס דאך אבער לחלוטין אונפארשטענדליך. קען דען מעגליך זיין אזא הארבע שטראף פאר א מענש, וואס זיין איינציגער "חטא" באשטעהט אין דעם, וואס ער באוואונדערט די שעהנקייט פון גאט'ס געבענטשטע נאטור? האבען דען אונזערע גרעסטע און הייליגסטע משוררים ניט געווידמעט גאנצע טעג און נעכט, וואכען, מאנאטען און יאהרען פאר זייערע דיכטען, אין וועלכע דער "מה נאה אילן זה — מה נאה ניר זה" ווערט אזוי עהרליך און גראציעז באזונגען? און איז דען די שירה, וואס איז די שפראך פון דער נשמה ניט א חלק פון עבודת הבורא? וואס קען, אלזא, באדייטען דער זאנדערבארער אורטהייל פון מתחיב בנפשו?

אמת, די משנה אונטערשטרייכט דעם "מפסיק ממשנתו", אבער אויב ס'איז ערלויבט מפסיק ממשנתו צו זיין פאר עבודה און תפלה, טא פאר וואס זאל עס ניט ערלויבט זיין פאר דעם "מה נאה אילן זה" וואס, ווי געזאגט, איז עס דאך אויך א חלק פון עבודה, פון שבח און תפלה?

איך בין דעריבער געניינגט צו גלויבען, אז דערמיט איז דער תנא אויסענגעוועזן ארום צו ברייינגען דעם אויבענדערמאהנטען געדאנק, וואס מיר באצייכענען איהם אונטער די לאזונג פון "שמיטה מיט הר סיני". דער תנא, ניט ווייניגער ווי מיר אלע, און געווים פיעל מעהר, האט זיכער געהאט דעם נויטיגען חוש און הרגשה פאר די "שירת הטבע", און מיינט דעריבער אונטער קיינע אומשטענדען ניט דעם מענשען אוועקרייסען פון זיינע אינספירירענדע שירה געפיהלען פאר דעם "אילן נאה" און "ניר נאה". ער באציהט זיך אבער סימבאליש אויף דעם "הולך בדרך", וואס געהט פון גלות אין ארץ ישראל, מיט דער אויפגאבע צו העלפען בויען די אידישע היימלאנד, און קומענדיג דארטען ווערט ער אזוי באגייסטערט פון די שעהנע א"י נאטור, מיט איהרע בערג און טאהלען, איהרע כרמים און פרדסים, איהר אילן נאה און ניר נאה, אז ער ווערט

היגגעריסען פון דער צויבערענדע פאנאראמא, ווארפט זיך אריין מיט אלע זיינע רמ"ח אברים ושס"ה גידים אין דער אגריקולטורעלער ארבייט ווי דאס אליין וואלט געווען דער אלף און תי"ו פון דער גאנצער עבודת הבנין והתחיה און פארגעסט אין דעם גייסטיג-טראדיציאנעלען טהייל פון דעם בנין. ער איז א "מפסיק ממשנתו"... דער אילן נאה און ניר נאה ציהען אפ זיין אויפמערקזאמקייט פון דער "משנה", ער דענקט יוצא צו זיין, זיין חלק בנין בלויז מיט דער אויפבויאונג פון דעם ווירטשאפטליכען טהייל פון דער ע ר ד י ש ע ר א"י און פארגעסט, אז ווערהענד ד ע ר חלק איז טאקע זעהר חשוב און טייער, איז אבער דא נאך א טהייל, וואס איז נאך מעהר עיקר פאר דעם, און דאס איז די "משנה", דער ה י מ ל י ש ע ר טהייל, דעם "חיי נ ש מ ו ת אויר ארצך"... אזעלכער, באמערקט דער תנא, טהוט נאר בלויז א העלפט פון זיין חוב, ער צאהלט אפ בלויז דעם טהייל חוב, וואס איז שייך צום ג ו ף פון ארץ ישראל, ער בלייבט נאך אבער שולדיג די צווייטע העלפט, יענעם טהייל, וואס איז שייך צו דער נ ש מ ה פון ארץ ישראל.

"הרי זה מ ת ח י י ב ב נ פ ש ו", דעם חלק "נפש" בלייבט ער נאך שולדיג...

זיין באגייסטערט פאר דעם "אילן נאה" און "ניר נאה", איז טאקע זעהר שעהן, אבער צו דער זעלבער צייט, טאהר מען ניט זיין קיין "מפסיק ממשנתו". די משנה, די קולטורעלע זייט, דער גייסטיג - רעליגעז - טראדיציאנעלער טהייל טאהר באין אופן ניט חרוב ווערען אויף דעם חשבון פון דעם "אילן" מיט דעם "ניר"...

א "ביל" מוז געצאהלט ווערען אין ג א נ צ ע ן און ניט בלויז טהיילווייז. דער נ פ ש מוז ציהען ניט ווייניגער אויפמערקזאמקייט פאר דעם ג ו ף, ווייל —

שמיטה מיט הר סיני דארפען געדן צוזאמען!...